פוילן, 13-טן יוני 1938
צו מיינע חבר'ס פריינט מר
און מרס. גלייזער.
ח. ברכהן

ח. ב ר כ ה ן

# אין שווערע טעג

פאַרלאג מ. גאָלדפאַרב װאַרשע

1 9 3 3

# אינהאַלט

# אין גראָבן

דאָס פאָלק איז געלעגן אין די גראָבנס. ס'איז געווען נאָכמיטאָג־צייט. די סאָלדאַטן זענען אַלע געווען אויסגעמאַטערט, צעבראָכן. נישט דערעסן, נישט דערשלאָפן, האָט די מאַסע זיך געקאָכט מיט ערגערנישן דאָ שטום־פאַרצערט, דאָ אויפברויזנדיק ווי חיות אין צוים געפּלאָגטע, און געגלויבט, אַז די לאַגע וועט שוין זיין אַזוי אייביק. פּלוצלונג האָט דער קאָמאַנדיר באַפוילן „זיך צוריקציצן!"... אימפּעטיק האָט דאָס פאָלק, ווי באַפרייט, זיך אַ לאָז געטאָן פון די גריבער. אַ גאולה קומט! האָט מען איצט אַפילו נישט געטראַכט וואָס ס'קען זיין הינטער די פּלייצעס — אַז מ'איז נאָר אַרויס אויף דער פרייהייט איז העט־אַרום ליכטיק געוואָרן. לעבן און האָפנונג האָט אַ שיין־אויף געטאָן. מ'האָט געכאַפּט מיטן טיפן לעבנס־אינסטינקט זאַכן און ברייטקייטן, ווו מ'האָט ערשט פריער אַ פינטעלע דערפון נישט אָנגעזען, און ס'איז אַריין די זיכערקייט:

— אַהיים־צו... מ'איז געראַטעוועט!...

דער סאָלדאַט יונה רויטמאַן איז געבליבן אין גראָבן דער לעצטער. געוואָלט שוין זיך אויפהויבן און אַרויסקריכן, האָט זיך אַרויסגעריסן אַ שטיק ערד פון אינמיטן גראָבן־וואַנט, און אים אומגעוואָרפן. ער איז געפאַלן אויף הינטער־צו, און געבליבן ליגן אונטער דער משא. דער אונטערשטער טייל קערפּער ביז דער ברוסט איז פאַרשאָטן געוואָרן מיט ערד און זיך אַנגסטלעך צוזאַמענגעדריקט, דער האַלז האָט זיך מאַטערנדיק געצויגן אַרויף־צו ווי אַן אָנגערעגטער שלאַנג, און באַלד איז דער קאָפּ שוין געלעגן פאַרחלשט, עטוואָס אונטערן ברעג פונם אויבערפלאַך.

ווען ער האָט זיך שפּעטער אויפגעכאַפּט איז שוין געווען פאַרנאַכטלעך. טויט־שטיל אַרום. אַ מעלאַנכאָליע פון אָרימע וויסטע רואינען קריכט שטעכיק צום האַרצן ווי מיט מאַסן נאָדלען. ווייל דאָס

האַרץ זיך אָפּרוקן, איינפאַלן — און דער דריק ווערט נאָך שווערער. אָט וויל רויטמאַן זיך אַרויסהויבן פון דער וויסטקייט און די מרה-שחורה אָפּטרייבן, און — — ווייניק כוחות. האָט ער אַ לענגערע ווײַלע זיך פאַרטראַכט אין דער נעפּלדיקער טיפקייט, און געשמייכלט. פּלוצ-לינג האָט ער געפּרוּווט זיך אַ הויב טאָן, און ווי ערשט איצט דער-פילט די גאַנצע שווערע ערד-פּרעס.

— או———י... נישט אויסצוהאַ—לטן...

טיף אין האַלב-טונקעלן פונקט אַנטקעגן רויטמאַנס אויגן, איז געשטאַנען די אונטערגייענדיקע זון איבערן באַרג אַ קיילעכדיקע, אַ פולע, אָנגעגליט פייער-רויט. דער סאָלדאַט האָט זיך פאַרטראַכט, און נישט אַראָפּגענומען פון דאָרט די בליקן. איינציק געטרייע! קוקט אַזוי רחמנותדיק-מיטפילנדיק פון איבערן האָריזאָנט-ברעג, ווי דאָס אויג פון אַ מאַמען, און קוים וואָס זי רוקט זיך אָפּ...

די ווייען זענען געוואָרן שטאַרקער. דער קאָפּ האָט זיך עטוואָס אַ הויב געטאָן און צוריקגעפאַלן. אַ ברענענדיקער פאַרלאַנג עמיצן צו זען האָט אים אָנגעהויבן צו מאַטערן. ווו איז ער דאָ?... די אַרומיקע, חושכדיקע שטילקייט האָט אָנגעהויבן פייניקן און שרעקן. האָבן זיך די אויגן אויסגעברייטערט, אויסגעגלאָצט, זיך גענומען גראָבן אין דער פינסטערניש מיט אַזאַ קראַנקער נייגיריקייט, ווי אָט דערזעען זיי שוין באַלד די ישועה, און נשתוממדיק-פאַרציטערט פּלוצלונג געבליבן שטיין אַקעגן צעשמעטערטן, אויסגעריסענעם מיטל-פונקט פון דער גראָבן-וואַנט.

— וואָס איז דאָס? — — —

ס'איז פאָרגעקומען אָט-וואָס:

פון דער ערשטער סעקונדע וואָס רויטמאַנס אָנגעשטרענגטע אַנגסט-בליקן זענען איצט צוגעפאַלן צום גראָבן, האָט זיך דער אויסגעהויל-טער אינדערמיט פון גראָבן-וואַנט אַוועקגעשטעלט פאַר די אויגן, פונקט ווי פון עפּעס אַ מענטשן אַזאַ מיט אַ טיף-אויסגעריסענעם לייב.

די האַלב-טונקלקייט איז געוואָרן געדיכטער. דער סאָלדאַט האָט זיך אָנגעהויבן פייניקן. דער קאָפּ זיינער איז געלעגן מיט צעשפּראַ-לעטע אויגן פאַר זיך, און זיך געצויגן צום מערקווירדיקן. פון דאָרט האָט געקוקט דאָס מאָדנע געשטאַלט מיט דער אינמיטנדיקער לייב-צעבראָכלקייט. וואַר-זשע איז דאָס? — האָט דער סאָלדאַט זיך געקוועלט,

אויפגערייצט זיך אין היציקע פאַנטאַזיעס, און אומבאַדינגט געוואָלט ביי יענעם דערזען דאָס, וואָס ער זעט נישט. האָט זיך זיין קאָפּ ווי־דער אַ הויב געטאָן, טיפער־טיפער איינגעגראָבן קעגן פרעמדען ווילדע חשד־אויגן, און אַנטקעגן האָט זיך אָנגעהויבן אויסוויקלען עפּעס אַן אויסטערלישע מענטשן־פיגור. און דאָ — מערקווירדיק: רויטמאַנס קאָפּ האָט זיך געהאַלטן שטאָל און אייזן אַ לענגערע צייט אונטערגעהויבן, און אָנגעקוקט יענעם ווי אָן מורא, און מיט אַן איבערנאַטירלעכן, ווילד־עקשנותדיקן צו־להכעיס: „ניין, ער האָט נישט מורא פאַר אים!...“ נאָכדעם ווען דער קאָפּ האָט אַזאַ אויסגעמאַטערטער אַ פאַל געטאָן אויף צוריק מיטן פּנים קעגן שוואַרץ־פאַרצויגענעם הימל, האָט די גע־שטאַלט פון גראָבן זיך באַוויזן אין דער לופטן, און דאָרט ווי פאַר־גליווערט געוואָרן איבער רויטמאַנס קערפּער. — וואָס וויל ער? — — —

דער סאָלדאַט האָט נישט גערירט מיט קיין אבר. ער האָט גע־שטיקט אין זיך דעם אָטעם, און מיט אַלע כּוחות געהיט דעם אוי־בערשטן. אַ טייוולאָניש שפּיל! ער לעבט דאָך דער אויבערשטער, אָן־בויכיקער קערפּער! אָט־דאָ טאַקע הענגענדיק אין שוואַרצן חלל לעבט ער אין זיך... אין זיין פינסטערן שווייגן באַהאַלט ער די סודות פון זיין צו־להכעיסדיקער שרעקלעכער מאַכט. זיכער, זיכער! אַן אויגנבליק, אַ באַוועג אַזאַ — און דער קאָפּ זיינער וועט זיך הויך אַ הויב־אַרויס טאָן איבער ריזיק־ברייטע אַקסלען, און ער וועט עפענען מוראדיקע טיף־פאַרגראָבענע אויגן.

— באַלד טאַקע? — שוידערט דער סאָלדאַט.

און אַזוי ליגנדיק אין פראָסט, זעט רויטמאַן ווי דאָס שווערע לייב פון אויבן רירט זיך. אָט קומט אַראָפּ דער קערפּער נעענטער, און ווערט בולטער: אַ לייבן־קאָפּ מיט אַ פּאָר גרויסע, טיפע, אויסגעשטאַרצטע אויגן, און אין דער ערד־שוואַרצער, אומגעלומפּערטער פיזיאָנאָמיע — צוויי שורות אָן אַ סדר־צעוואָרפענע, חיהשע ציינער. טוט זיך דער פּרצוף אַ קרום, דער פּיסק צעברייטערט זיך אויסערגעוויינלעך, און ס'צעשפּרייט זיך אַ געלעכטער מוראדיק און קראַכיק, ווי פון אַ נאָענטן וואַלד אַרויס:

— הו — — —!... הי—הי— — —!...

דער סאָלדאַט האָט אָנגעהויבן ליידן געפערלעך. האָט ער אַרומ־

געוואָרפן דעם קאָפּ אַהין-אַהער, דערפילט די צעשפרייטע הענט זיינע, און געוואָלט זיך אויפהויבן. די שווערקייט איז, אָבער, געלעגן אין אַלע גלידער. האָט ער אַרויפגעקוקט מיט אונטערטעניקע געבעט-בליק צום אויבערשטן הערשער, ווי אַ געבונדענער אונטער די מאָרד-כלי-זין פונעם פייניקער, און איז אַלץ שוואַכער געוואָרן. פון אויבן איז די געשטאַלט געוואָרן וואָס אַמאָל שרעקלעכער: אָט הענגט זי אין דער לופטן פאַרגליווערט-שטום, ווי פאַרכישופט: אָט שפרייט זי זיך אין דער ברייט איבערן סאָלדאַטס קאָפּ און טטשירעט די וועלפישע ציינער אי-רע: און פלוצלונג—זי איז שוין נידעריק, טאַקע גאָר ביים גראָבן-פלאַך, און אָטעמט אויף אים מיט דעמאָנישער שווערקייט, בייזן גיפט און פאַרניכטונג.

רויטמאַן האָט זיך גענומען אַרויסרייסן פון דער ווירקלעכקייט. ער האָט געוואָלט ערגעץ אַוועק, פאַרשווינדן, נישט ווערן — און מיטאַמאָל איז ער געבליבן שטיל.

די היים.

שפעט ביינאַכט. דאָס שטעטל — איינגעשלאָפן, טיר און טויער פאַרהאַקט. שפאַנט ער דורכן קליינעם הינטערגעסל, ווו די עלטערן ווינען אַהין און צוריק, אומצייליקע מאָל. ער קען זיך גאָר פונם געסל נישט אָפרייסן! ער גייט דאָך שוין אין דריי טעג אַרום אַוועק אין דער „דינסט”— באַמערקט ער אַלעמאָל אַן אַנדער נייעס: זע נאָר, דאָס האָב איך נאָך גאָרנישט געזען! אָט דאָס קליין, גרין-אָפּגעפאַרבט גאַ-ניקל מיט די ווייסע פאַסן אַרום הערשל קירזשנערס שטוב — קוק נאָר אָן, ווי שיין ס'איז! דעם זיבנטן חן!... דער נייער נידעריקער פלויט געפלאָכטן פון דינע ריטלעך, נעבן וואַסיל דעם קאָוואַלס הויז אין עק גאַס — פונקט ווי דער פלויט פונם גרויסן פריצס גרינגס-גאָרטן אין נאָענטן דאָרף, זעט ער אויס. פשוט אַ מחיה!... און שייקע, דער נאַכט-שומר? זיין קלאַפּן אַזוי קונציק מיט די שטעקלעך, און דער הילך פון זיינע צום טאַקט געציילטע שטיוול-טריט וואָס הערט זיך פון יענער זייט געסל? וווּנדער היינטיקע נאַכט! און כדי בעסער צו קענען אָפּשאַצן די ווערטפולע קונסט-בילדער אַרום זיך, האָט ער יענע נאַכט, שוין שטייענדיק ביי דער טיר פון זיין היים, באַשלאָסן אַרומצוגיין אַ גאַנצע נאַכט דאָס שטעטל, און באַטראַכטן די ליבע ווינקעלעך.

גר׳יער פאַרטאָג. נידעריק ביי דער ערד האָט זיך דער פרי־מאָרגנדיקער נעפּל אַרומגעוויגט, ווי אַ צעגייענדיקער רויך. שטאָט איז נאָך געשלאָפן. דער אַלטער שייקע „סטאַראַזש״, מיט די קרומע פּליי־צעס און מיטן אויסגעצופּטן ווייסן בערדל, ווי מיט שיטערע, קורצע סטרונעס באַשטעקט, האָט אויסגעוויקלט פויל אין דער האַלב־טונקל זיינע לעצטע, שטיל־אונטערגעגנבעטע נאַכט־ווערטער, „פּאָר געזונט און קום געזונט, יונה״, און אים דערלאַנגט אַ פאַרשלאָפענע האַנט. נאָכ־דעם האָט ער, יונה, נאָכגעקוקט דעם נידעריקן אַלטיטשקן, און פאַר־לירנדיק אים פונם אויג, האָט ער דערפילט אַ מאָדנע, שרעקנדיקע עלנטקייט. ער איז אַוועק אַהיים.

די מאַמע איז נאָך געווען אויף. זי איז געזעסן אויפן בענקעלע ביי דער הרובע, די עלנבויגנס אויף די קני, און מיטן קאָפּ — אויף די הענט. ער האָט שטיל געעפנט די הינטער־טיר. איר מאָגערער קער־פּער האָט אַ שוידער געטאָן, און זי האָט אויפגעהויבן אומרויִקע אויגן.

— יונהלע ?...

— איך, איך, מאַמע. שלאָפסט נאָך נישט ?

— כ׳ווייס וואָס ? זיך פאַרזעסן אויפן בענקעלע.

— גיי לייג זיך, מאַמע. שוין אַזוי שפּעט.

— שפּעט טאַקע... שפּעט... ווו־ןשע ביסטו ערגעץ היינטיקע נאַכט געווען, זון מיינער ?

— ווו ? — אין ערגעץ.

— יאָ, ליבענקער, אין ערגעץ... און די מאַמע, מיינסטו, זעט נישט...

און דער הויכער קערפּער הויבט זיך אויף פונם בענקעלע. מיט די דאַרע אָרעמס קלאַמערט זי אַרום זיין האַלז, און פאַלט מיטן קאָפּ אויף זיינע אַקסלען. אַ קוואַל פון טרערן צעגיסט זיך פון די אויגן. קיין קול הערט זיך נישט. בלויז ווי אַ שוואַכער, פאַרשטיקטער קרעכץ פון אַ געפּייניקטער ברוסט הערט זיך אָפּט אַזוי קוים־קוים, אַזוי שטיל און צאַרט־קלאָגנדיק, ווי געקומען מיט די טרערן צוזאַמען:

— — — זון — — —

רויטמאַן האָט אַ זיפץ געטאָן. פון דער משא אויף די פיס און בויך, וואָס האָט זיך שוין פעסט איינגעפּרעסט, האָט זיך אַ ריר געטאָן

אַ שטויבעלע, און מיטגעצויגן אַביסל ערד. ער האָט דערהערט דעם שאָרך. האָט ער זיך אַ ריר-אויף געטאָן, און מיטאַמאָל אַריין אין דערווירקלעכקייט.

— אַרויס! וואָס גיכער אַרויסקריכן! — האָט אַ שטימע אונ-טערגעזאָגט.

ער האָט זיך געצויגן מיט צעשפרייטע הענט אינדערלופטן.

העט-אַרום איז געשטאַנען דער חושך, געדיכט און אומבאַוועגלעך, ווי פון אייביק אַזוי. ס׳האָט גערוישט און געפייפט. ס׳האָט זיך געריסן דער ביינאַכטיקער האַרבסט-ווינט פריי און שרעקנדיק, ווי איבער אַ כאַאָטישער מדבר-ברייטקייט, געוואָיעט און צעטרייסלט די לופט אַזוי ווילד און בייז-שרייענדיק, אַזוי מערדערלעך-טראַגיש, — סכּנות: הו—הו—הו—!... הו—הו—הו——!... העלפט חרוב מאַכן די וועלט! — — —
און דער האַלב-פאַרשאָטענער קערפּער איז געלעגן אין געפּערלעכע ווייטיקן. ווי זאָל ער דאָס אויסהאַלטן? ווי אַזוי, ווי אַזוי זאָל ער דאָס גובר זיין?... האָט ער געביסן די ליפּן, געדרייט די הענט און ספּאַז-מאַטיש זיך גענומען קאָרטשען.

— ניין! וועט זיך נישט לאָזן! —

אַן אַמביציע צום לעבן איז אונטערגעקומען, און ס׳האָט זיך אַ הויב געטאָן אַ קאָכיקער, ליידנשאַפטלעכער ווילן צו שטעלן זיך אויף די פיס. די געשטאַלט איז געשטאַנען אַנטקעגן. האָט ער יענעם פון אויבן נאָכגעשפּירט, צונויפגעלייגט די הענט פאָרויס, און פאָרזיכטיק אַרונטערגעשאַרט אַביסל ערד פון בויך. אַ דינער שטויב האָט זיך אַ שיט געטאָן. אָ-אָ, די ישועה איז שוין נאָענט! זענען רויטמאַנס הענט געוואָרן אָנגעשטרענגטער, געאַרבעט אויף רעכטס און אויף לינקס, גע-קלאַפּט, געריסן, געוואָרפן שטיקלעך, זשמעניעסווייז, און פון אינצוויי-ניק האָט געשפּאַרט אַ בענקעניש, און אַ גלויבן, מיט אַן אומפאַר-שטענדלעכער קראַפט: „נאָך עטוואָס, נאָך אַביסעלע, באַלד — באַלד...“
דער אָטעם איז שוין געוואָרן געוואַלדיק-שווער — ער האָט נישט אָפּ-געלאָזט! פונם מויל האָט געזעצט אַ שוים, ווי פון אַן אָרימער, פאַר-פייניקטער חיה, און דער מענטש האָט פאַרגעזעצט מיט שטורם זיין לעצטע פּראָבע.

— ער מו—ז אַרויס! — — —

אינמיטן קאָך פון דער אַרבעט האָבן די בליקן פונם ליידנדיקן זיך איצט איבערגעטראָגן ווייט-ווייט אויפן יִשוב, דורכגעדרונגען יע-דער קלייניקייט, און די אויגן האָבן פריילעך און לעבהאַפטיק געגלאַנצט. איז וואָס מער שיינס און פאַרכאַפנדיקס דאָס אויג האָט דאָרט אויפ-געמומען, אַלץ אָנגעשטרענגטער, שנעלער און נערוועזער איז געוואָרן די אַרבעט. איז פאָרגעקומען אַזוי: ער אין זיך, אין זיין טיפער פאַר-טרוימטקייט אין דער שיינער ווייטער וועלט האָט גאָר פאַרגעסן זיין גוף—אינסטינקטיוו אָבער, מעכאַניש—פון זיך אַליין, האָט דער קערפּער זיך שרעקלעך געוואָרפן, געבּרויזט, זיך געוואַלדיק אויפגערעגט און געגעסן מיט הנאה, און געאַרבעט ווילדע מעשים צוליב די נאָענט-ווייטע בילדער פון די אויגן. אָט האָט זיך אַ ווײַלע דאָס פנים רויִק אויסגעגלעט, און אַ מילדער שמייכל האָט זיך צעלייגט: פון אַ פענ-סטער פון אַ קליין הייזל האָט אַרויסגעקוקט אַ צערטלעך פנים:

— יונהלע, די חברים וואַרטן אויף דיר.

— אָט קום איך אַריין, מאַמע.

קוקט אַזוי דער סאָלדאַט פאַר זיך, און דערווייל רייסט ער די ערד מיט די פינגער, שאַרט מיט אוממאַכט מיט די שפּיצן עלנבויגנס, וואַרפט אַרום דעם קאָפּ, און פּרוּווט זיך אַלעמאָל אַ רוק טאָן. טייוול-שער צו-להכעיס! מער ער שאַרט און דרייט זיך — אומדערטרעגלעכער ווערט די משא.

אַ קאַלטער, שטעכיקער שווייס האָט דורכגעזעצט דאָס לייב. ס'הייסט? וואָס הייסט, ער וועט פון דאַנען נישט אַרויס?!... ער זאָל בלייבן ליגן דאָ-אָ אונטערן שוואַרצן פּרעס? ניין! ס'וועט נישט זיין אַזוי! ער וועט נישט פאַרפאַלן ווערן דאָ, ווי אין אַן אָפּגרונט! — — — די אויגן, פאַרלאָפן מיט בלוט, זענען עקשנותדיק אַרויס צו די ברעגן, די הענט האָבן מיט פאַרביטערטן ווידערשטאַנד אַ פּאָך געטאָן אינדערלופטן, ווי דער זעלבסט-באַפרייטער מיט זיי צעריסענע, אַראָפּגעוואָרפענע קייטן קעגן שונא, און אַזוי האָט זיך דער אויבערשטער טייל קערפּער אויפגערירט, אַז דעם סאָלדאַט האָט זיך שוין אַפילו געדאַכט, אַז די פיס אונטערן דריקנדיקן ערד-באַרג רירן זיך. איצט! איצט איז שוין לייכט! מיטאַמאָל!!! אַלע כוחות זענען אַריין אין אַ שווערן, פאַר-האַרטעוועטן קאַמף. שוין! נישטאָ שוין איצט קיין מאַכט אין דער

וועלט אַכוץ אים! נישטאָ איבער אים! ער איז שטאַרקער פון דער ערד, פון די שטיקנדיקע בערג, פון די טיפענישן!... ער האָט נישט מורא פאַר קיין זאַך... האָט נישט מורא... נישט מורא!...

אינדערלופטן איבער די אויגן האָט, מיט אַן אַכזרישער גלייכגילטיקייט, זיך באַוויזן דער אָן-בויכיקער, צעשטערטער טייוול-מענטש.

— ניין, ער האָט נישט מורא! — ציטערט רויטמאַן.

און ער שטעלט אָן זיינע פויסטן, און קוקט אַרויף צום שונא. אַזוי וועט זיין גוט: אַ צי-טאָן זיך, אַ זעץ טאָן גלייך אין די גרויסע אויגן אַריין מיט אַלע כוחות אָן רחמנות, אַזוי, אַז באַלד זאָלן זיי פאַרשווינדן אין זייערע לעכער. און נאָכדעם — דאָס גאַנצע פנים אַזוי. אָט ווי ער האַלט די פויסטן פעסט צוזאַמענגעדריקט — אַ זעץ גלייך אין די ציינער, אין שטערן, ווידער און ווידער, ביז יענער הויבט אָן שרייען, יאָמערן, פאַלט נאָכדעם אַוועק צו דר׳ערד אין אָנמאַכט, און קען שוין נישט אויסהאַלטן: „או——י, רחמנות״. —

די געשטאַלט פון אויבן האָט זיך גענומען רוקן אַראָפּ-צו. ווי גרויזאַם-קאַלטבלוטיק ער רירט זיך! ווי מערדעריש-לויערנדיק! יאָ, דאָס ערגסטע וויל ער איצט טאָן! — וואָ׳דען, ער דערקענט דען נישט, רויטמאַן, אין יענעמס שטילן פאַרגנבענען זיך? קוקט ער יענעם אָן דורך היץ: ס׳איז דאָך דיזעלביקע געשטאַלט וואָס פריער -- און פאָרט אַנדערש! טויזנט מאָל שרעקלעכער!

דער קאָפּ — אָ, אָט דער אומגעלומפּערטער ריזן-קאָפּ! שאָקלט זיך אַלץ אַרום פאַר די אויגן און וואָרנט. פון אויבן — לאַנגע פעךשוואַרצע האָר געדיכט באַוואָקסן, און די צעשויבערטע האָר-פּאַסמעס צעפאַלן זיך אַזוי אומהיימלעך-הפקר איבערן שטערן, און הויבן זיך מיט אַ שרעקנדיקן שאָרך. גרויסע, גלאָזיקע אויגן פינקלען אַרויס פון צווישן די האָר מיט אַ כעס — אַ פייער ברענט, און די ציינער — גרויזאַמע, שאַרפע נקמה-כלים: פון פינסטערן מויל-תהום קוקן זיי אַרויס אַזוי בייז-אָנגעשטעלט, אַזוי ווילד און סאַרקאַסטיש-שטעכנדיק — ס׳איז פשוט נישט צום אויסהאַלטן!

דאָ טוט זיך אַ שטרעק אויס דער אויבערשטער קערפּער אינדערלופטן, מיטן פנים רויט פון רציחה, ווי גרייט צום אַראָפּפליען. פריער לאָזן זיך אַראָפּ צוויי הענט מיט לאַנגע, דינע פינגער, נאָכדעם

וואַרפט זיך יעגער אַרויף אויף אים. ציען זיך די פינגער-שטעקלעך אַלץ מער, מער, ווי אומענדלעך-לאַנגע שוואַרצע שלענגלעך, און כאַפּן אַרום זיין האַלז. ס'אַראַ פינגער! געוואַלד, ס'אַראַ אייזערנע קראַפט! — — — אָט ווערן זיי אַ ווייַלענקע לויז. לויכט אויף אין קאָפּ, בלאָזט אַ ווינטל איבערן פּנים — אַ ניי-געראַטעוועט לעבן! און מיטאַמאָל — ווידער! און שוין נישט די פינגער —ביידע אָרעמס זענען געוואָרן שרעקלעך לאַנג, דרייען זיך, וויקלען זיך אָן אויפהער אַרום זיין האַלז, ווערן העכער, פּלאָנטערן זיך אַרום זיינע אויגן, מויל און אויערן, וואַקסן אויס ווי פינסטערע, שווערע בערג, און שטיקן, שטיקן...

דעם סאָלדאַטס הענט האָבן זיך אָפּגעלאָזן. זיי זענען געבליבן הענגען אויפן הויפן ערד איבערן בויך, ווי אויסגעבויגענע, ווייסע ברעטלעך-מצבות אויף אַ פריש-פאַרשאָטענעם קבר. דער קאָפּ האָט זיך אַ לעצטן הויב געטאָן און צוריקגעפאַלן. דורכן באַרג-שווערן אויסגע-פּרעסענעם קערפּער, וואָס איבער די מאַכטלאָז-פאַרשלאָסענע אויגן, דורכן מלחמה-פעלד, דורך אַ וועלט פון פּיין און יאָמער, האָט פון ווייט-ערגעץ אַ קליין ליכטיק פינטעלע דורכגעבלאַנקט. לאָזט מיך... איין מינוט נאָר... אַ רגעלע...

— חו——צפּה פון דער וועלט!...

די געשטאַלט איבער רויטמאַנס אויגן איז פאַרשוווּנדן. איבער די ווייטע פעלדער האָט זיך געבליט דער הימל, און די לופט איז געוואָרן וואָסאַמאָל קלאָרער, דורכזיכטיקער. דער רוישיקער פרימאָרגן-ווינט האָט געשלאָגן מיט ריחות פון פאַרטריקנטן שווייס און פוילע, אומריינע ביינער, און געלאָפן ווי דער שליח פונם בייזן אַשמדאַי צו פאַרווישן איבער די אומגליקלעכע פעלדער די סימנים פון די ערשט נישט-געוואָרענע. קליינע בערגלעך ערד האָבן זיך געשאָטן דאָ און דאָרט, זיך אויפגעהויבן אין אַ שטויב, געהודזשעט און געוואָיעט אי-בער די פריש-געפאַלענע סאָלדאַטן-טרופּן, ווי אין קלאָגנדיקע מוטער-לעכע עלעגיעס, און דערנאָך זיך אויסגעמישט מיט זיי אין מענטשיש-ערדישע קנוילן.

— טויט...

# נקמה

ער האָט געלאָזט הינטער זיך דעם חורבן, און איז אַנטלאָפן.

מיטן ווייב און צוויי קליינע זין איז ער אַוועק, עלי באַלעגאָלע, — געוואָלט כאָטש זיי ראַטעווען. פאַר טעג און וואָכן־לאַנג אונטער האַק און מעסער, האָט מען זיך שוין אַזויפיל אָנגעליטן, אַז דאָס לייב ווערט שוין קאַלט פון יעדן פאַרדעכטיקן שאָרך. און צום סוף נאָך דעם זון אויך פאַרלוירן. ווי אַזוי־זשע זאָל ער נאָך זיצן דאָ? וואָס וועט ער דאָ זוכן? האָט ער דעמאָלט, נאָכן צווייטן פּאָגראָם, וואָס האָט אויסגעזען, ווי עפּעס אַ הוליע־טאַנץ פון ווילדע משוגעים, אויסגעשפּריים די אומבאַהאָלפענע הענט קעגן ווייב:

— וואָס זיצן מיר דאָ,ביילע?

און אַז דאָס ווייב האָט געשוויגן; בלויז אים אָנגעקוקט טויט־בלייך און דערשראָקן, מיט אונטערטעניקע בליקן, האָט עלי באַלעגאָלע צוגעגעבן:

— פאָלג מיך, ביילע. לאָמיר נעמען די קינדער און אַוועק פון דאַנען... ס'הערט זיך שוין ווידער אַ פּאָגראָם.

און אַזוי האָט מען געטאָן. נישט פרעגנדיק אַפילו „וווהין?", האָט מען גאָר קיין שהיות נישט געמאַכט. און מ'האָט אַסך געדאַרפט זיך גרייטן? אַלץ אין הויז איז דאָך געווען צעטראָגן, צערויבט; און וואָס די אָנפאַלער האָבן נישט אַוועקגענומען האָבן זיי אויך צעבראָכן, צעשטערט, קיין גאַנצע זאַך נישט איבערגעלאָזט. האָבן זיך נאָכדעם מאַן און ווייב שטיל אַרומגעפּאָרקעט אין די ווינקלען, אין די שאַפעס, אפשר איז נאָך עפּעס געבליבן אַ ווערט־זאַך, אויפגעראָבן דאָס לעצטע ביסל באַהאַלטענע געלט, און מיט אַ פּאָר פּעקלעך אויף די פּלייצעס, זיך אַוועקגעלאָזט מיט די קינדער צו דער גרענעץ:

— ווי גאָט וועט פירן, אַזוי וועט זיין...

צעבראָכענע, אויסגעמאַטערטע, מיט טויט־שרעק אין יעדן אבר, האָט זיך די פאַמיליע שטילערהייט געצויגן צו די ווייטן אין דער

שוואַרצער נאַכט. וווּהין גייט מען? מ׳אַנטלויפט פון טויט — גייט מען נישט קעגן טויט?... זיי האָבן נאָכגעטראַכט וועגן זייער מזל, און געשפּאַנט איבערן ברייטן פעלד איינגעדריקט איינער אין צווייטן; אין די צערודערטע נאָך־פאָגראָמען־מוחות האָבן אַרומגעהאַמערט אָן רחמנות די פאָרגעקומענע ווילדע געשעעניש׳ן פון דער לעצטער צייט, און פון די אויסגעגלאָצטע אויגן איז נישט אָפּגעטראָטן דער עלטערער זון.

— יענעם איבערגעלאָזט דאָרטן...

ער, דער מאַן, אַ הויכער און פעסט־געבויטער מיט אַ גראָב, פאַרהאַרטעוועט פּנים און מיט ברייטע פּלייצעס, נאָר מיט גרויע האָר אויפן קאָפּ און אין באָרד, וואָס זענען נישט לאַנג צוריק אין עטלעכע טעג גרוי געוואָרן — ער האָט געשפּאַנט פאָרויס, און געפאָרשט דעם וועג: דאָ זיך היטן פאַר אַ גרוב, דאָ זיך נישט פאַרטשעפּען אָן די נידעריקע ביימלעך, אָט דאָ־אָ דאַרף מען זיך פאַרקירעווען אין דער זייט, רעכטס — און די פאַמיליע האָט פאַרזיכטיק נאָכגעשפּאַנט אָן ווערטער. ביילע, עליס ווייב, האָט די גאַנצע זיך געשלעפּט אין דער נאַכט אָן איינגעבויגענע, ווי אַ משוגנהדיקער שטומער שאָטן, און אַזוי עקשנותדיק געשוויגן, אַז עלי האָט זיך אַלעמאָל צו איר אומגעקוקט פול מיט זאָרג און נישט געגלויבט, אַז זי גייט מיט:

— גייסט נאָך, ביילע?

— כ׳גיי... יאָ, איך גיי...

פון דעם ווייבס ענטפער האָט עלי נאָכמער זיך פאַרזאָרגט:

— נאָר אַ פּאָר וויאָרסט נאָך, ביילע.

שוין געווען דריי־פיר שעה אין דער נאַכט, ווען די פאַמיליע האָט זיך געזעצט אָפּרוען אינמיטן פעלד. פון ווייטן האָט זיך געזען אַ שוואַך ליכט. אפשר וועלן זיי דאָרטן קריגן אַן „אַריבערפיראַווער״? האָט מען זיך באַלד געלאָזט ווייטער מיט שווערע הערצער, טראַגיש־איינגעהאַלטן געטאַפּט דעם שוואַרצן וועג, און געטראַכט וואָס ווייטער וועט זיין: פאַר געלט וועלן זיי זיך נישט אָפּשטעלן, אָפּגעבן אפילו דאָס לעצטע. וואָ׳דען, מ׳וועט זיך דינגען? אַז הינטער זיך איז שוין סיי־ווי אַלץ פאַרברענט — לאָז מען כאָטש דאָס לעבן ראַטעווען!

מ׳איז צוגעקומען צו אַ הויף ווו אינמיטן איז געשטאַנען אַ גויעשע כאַטע, און ביים טויער — שיפּלעך.

— דער גוי, הייסט עס, פּראַוועט, — האָט עלי שטיל אַרויסגעשעפּטשעט צום ווייב.

ער האָט אַ פאַרשטיקטן רוף געטאָן. ס'איז אַרויסגעקומען דער באַלעבאָס:

— ווער איז דאָרטן? וואָס וויל מען?

ער איז צוגעקומען צום פּלויט.

— וו—ווילן ווילן זיי גאָרנישט... נאָר פּשוט, זיי וואָלטן וועלן וויסן... אפשר ווייסט דער באַלעבאָס דעם וועג... זיי דאַרפן צום וואַסער...

— אָ, צום דניעסטער ווילן זיי, צום דניעסטער. וואָס-זשע שרעקט ער זיך ווי אַ האָז? וואָס פּאָנפּעט ער? זיי דאַרפן דאָך געוויס מ'זאָל זיי אַריבערפּראַווען. נישט אַזוי?

— האַ?... יאָ, אַריבערפּראַווען.

דאָס ווייב און די צוויי קינדער הינטער עלי'ס פּלייצעס זענען דערווייל געשטאַנען אין חושך מיט שווערע געמיטער, זיך צוגעהערט צום גויס פּשוטע רייד, און מוראדיק געציטערט.ביילע האָט צוגעהאַלטן די קינדער נעבן זיך און נישט אויפגעהערט צו זיפצן. געענדיקט דאָס לעצטע וואָרט צום גוי, האָט עלי זיך אויסגעדרייט צום ווייב, זיך איינגעבויגן, ווי אין טיפן טרויער, און איר אויסגערעדט דאָס האַרץ:

— פאַרוואָס זאָל זי זיך ערגערן, ביילע? אָנוואַרפן אומזיסט אויף די קינדער אַ מרה-שחורה? ער קען זי גאָרנישט פאַרשטיין: זי זעט דאָך אַליין, אַז די ישועה איז שוין נאָענט!

דער באַלעבאָס האָט געעפנט דעם טויער, און מ'איז אַריין אין הויף. ער האָט זיי אָנגעוויזן אַן אָרט ווו דערווייל איבערצוּוואַרטן: אונטער אַ ברייטן דאַך אָן ווענט, נעבן דעם שטאַל. אין אַ שעה אַרום וועט מען קענען פאָרן, — האָט ער געזאָגט. דערווייל איז ער אַריין אין שטוב.

שטילערהייט און זיך שרעקנדיק האָבן דער באַלעגאָלע און זיין ווייב אָנגעהויבן שטאַרק פאַרטאָן זיך אין סודען, פון צייט צו צייט ביינלעך איינגעשטילט די קינדערס אַ וואָרט, אַ מינדעסטן פּיפּס, און צָלֵצמאָל זיך אומגעקוקט, צי מ'שטייט נישט הינטער די פּלייצעס. האָבן זיך געסודעט פול מיט ווייטיקן; דאָ האָט מען געוואָלט טרעפן דאָס געלט, וואָס דער גוי וועט זיך הייסן געבן פאַרן אַריבערפּעקלען;

דאָ האָט מען מורא געהאַט פאַר די קליינע קינדער — אינמיטן וועג קען אַ קינד זיך צעוויינען און מ׳וועט אויסשיסן; טאָמער, ווער ווייסט, איז דער גוי אַ כוליגאַן און וועט אויפן וועג זיך עפּעס טשעפּען — און דער עיקר דאַרף מען זען, אַז ביז ס׳וועט בלויען אויף טאָג, זאָלן זיי זיין אויף בעסאַראַביער ערד. און דאָ, עפּעס מעשה שטן, איז מען אַרויפגעקומען אויף די אָפּטע מוראדיקע רייד, קעגן וועלכע אי דער פעסטער באַלעגאָלע, אי זיין ווייב זענען געווען אַזוי שמערצלעך אומבאַהאָלפן:

— רבונו-של-עולם, ווען איך זע כאָטש אָט די צוויי זין שוין פון יענער זייט.

— ועסט זען, וועסט זען. כ׳בעט דיך. —

— יענעם האָט ער מיר צוגענומען.

— איצט-אָ, ביילע. זינדיק נישט...

— יאָ, זינדיק נישט. מ׳קאָן דען אַזאַ ביטערן סוף פאַרגעסן?...

עלי האָט גאָרנישט געענטפערט. פאַר די אויגן האָט זיך בולט אַוועקגעשטעלט דאָס בילד פון זיין זון, און זיין סוף. אַרום איז שטיל געווען. ס׳האָט אַלעס געשוויגן, און אין דער שווערער נאַכט-שטילקייט האָט זיך אַ וויסטע מרה-שחורה געשפּרייט, געערגערט און געדריקט. ס׳האָט זיך איבערגעטראַכט וואָס ס׳איז ערשט נישט לאַנג פאָרגעקומען. די אַכזריותדיקע אָנפאַלער, די שוידערלעכע פּאָגראָם-מעשים, די בילדער און די אַלע פינסטערע נאָכשרעקן האָבן זיך געמאָלן פאַר די אויגן, ווי אַ מוראדיקע מאַסע נאַכט-געשפּענסטער, פאָרגעשטעלט אין אַלערליי גרויל-סצענעס פון טויט און פאַרניכטונג. אָ, משוגע צו ווערן!... אָט לויפט מען מיט געוואַלדן, צערודערטע און מיט דערשראָקענע, אויסגעגלאָצטע אויגן, פון גאַס אין די הייזער אַריין: „גיכער, גיכער, יידן! באַהאַלט זיך! ס׳איז ווידעראַמאָל!” כאַפּן עלטערן די קינדער, מ׳אַנטלויפט, און די שטיבער, קלייטן לאָזט מען איבער אָפּענע אויף הפקר — מ׳דאַרף די לעבנס ראַטעווען! ער, עלי, האָט זיך דעמאָלט אַריינגעריסן אין הויז, ווי אַ שטורם-ווינט, אויפגעהויבן די קינדער אונטער די אָרעמס, און אַראָפּ מיטן ווייב אין קעלער אַריין. דער עלטערער זון האָט געפעלט. „ווו איז נוח?... ווו איז מיין קינד, גאָט מיינער?... עלי, וואָס שוייגסטו?!”... די מוטער האָט נישט אויפ-

געהערט צו קלאַנגען. און פּלוצלונג האָט אַ זעץ געטאָן די קעלער-דעק מיט אַ שטורעמדיקן אימפּעט, זיך שנעל אָן עפּן געטאָן, און אַ פּאַר-צאַפּלטער מיט אַ שוידערלעכן הילפס-געשריי איז אַראָפּ דער זון. די פאַמיליע איז אַזש שטיין געבליבן ווי פאַרשטיינערטע. נאָך אים האָט זיך, ווילד מיט אַ האַק אויפגעהויבן, אַ יונגער שייגעץ נאָכגעיאָגט. און ביז עלי האָט זיך געריהרט און געוווּסט ווו ער איז, איז דער זון שוין געלעגן אויף דר'ערד מיט אַ צעבלוטיקטן קאָפּ. דורך דער פינ-סטערניש אין קעלער האָט ער, עלי, בלויז איין זאַך געכאַפּט: דעם שייגעצס פּנים — און ווי ער לויפט אַרויף די טרעפּ מיט דער האַק אין האַנט.

— נו, עלי, ווו איז דער ערל? די נאַכט שטייט דאָך נישט!

— באַלד,ביילע.

— שוין אַזוי שפּעט.

— איין מינוט.

ער האָט געענטפערט אָפּגעהאַקט. האָט זיך בשום-אופן נישט גע-קאָנט אָפּרייסן פון יענער טרויעריקער סצענע, ווען דער גוי איז, ווי אַ צעווילדעוועטע חיה מיטן רויב אין מויל, אַרויפגעלאָפן די טרעפּ מיט דער האַק אין האַנט. עפּעס האָט אים איצט געפּייניקט, זיך גע-גראָבן אין אים, ווי מיט נעגל, אַז דאָס לייב האָט אַזש געבראָכן. דער מוח האָט זיך סכנותדיק געהיצט. און וואָס מער דער מענטש האָט געטראַכט, נאָכגעדענקט, אַלץ מער עקשנותדיק איז ער געוואָרן, זיך געמאַטערט, און זיך אַריינגעצויגן אין דער בייזער פאַרשטעלונג. פאַר-וואָס?... וואָס האָט מען געהאַט צו זיין קינד? פאַרוואָס האָט זיך די מערדער-האַנט אויפגעהויבן אויף זיין זונס קאָפּ, און פּלוצלונג אָפּגעהאַקט זיין לעבן? — — —

דער גוי איז אַרויסגעקומען און איינגעשפּאַנט די פערד. אינע-ווייניק אין וואָגן איז געלעגן אַ לאָדקע. אַלץ איז געווען פאַרטיק. דער גוי האָט אַ רוף געטאָן:

— נו, ווער וועט אַריינקומען זיך באַדינגען?

דער באַלעגאָלע האָט זיך אַביסל פאַרזוימט נעבן ווייב. מ'האָט זיך אומרויִק-שטיל דורכגערעדט. דערנאָך איז ער אַוועק צום שטיבל. ער איז אַריינגעקומען אין אַ קליינעם, מיטלסטן צימערל, באַל

ביים אַריינגאַנג. פון דער רעכטער זייט האָט דורכן טיר-פענסטערל אַ שוואַך ליכט אַרויסגעשיינט. ער האָט געוואָלט שוין עפענען די טיר — און ווי עפּעס אַ געהיימער, מעכטיקער כּוח האָט צוריקגעהאַלטן זיין האַנט. אַ טונקעלער געדאַנק האָט אים אַ וואָרן געטאָן ער זאָל זיין פּאָרזיכטיק, און ער האָט אַריינגעקוקט מיט חשד דורך אַ קליינעם טיר-שייבל אין שטיבל אַריין. מיטן פּנים צו דער טיר איז דער באַלעבאָס געזעסן ביי אַ נידעריק טישל איבער אַ מאָלצייט און געגעסן.

וואָס-זשע זענען עפּעס פּלוצלונג עליס אויגן אָנגעלאָפן געוואָרן מיט רויטן? — ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף צוריק, זיך צעוואַקלט ווי אַ פאַרוווּנדעטער, און זיך געשטאַרקט מיט אַלע כּוחות נישט אומצופאַלן. ער האָט זיך געוואַלדיק אויפגערעגט. פונדעסטוועגן האָט ער דעם באַוווּסטזיין נישט פאַרלוירן: האָט זיך קאָנטראָלירט, און באַלד געוואָרן פאָרזיכטיק און נאָכשפּירנדיק. שטילערהייט האָט ער זיך צוגערוקט צום ווינקל ביי דער טיר, און מיט די ציין פאַרהאַלטן דאָס אָטעמען. ער האָט געקוקט פון אַ זייט און זיך קוים געגלויבט; האַ? וואָס איז דאָס, אַ טעות אַזאַ אַ ווילדער?... אַ בייזער ח.ום?... ניין, ס'איז ער! דער יונגער שייגעץ... ער האָט זיך איינגעגראָבן אַ שרעקלעך אויפגערעגטער, מיט די גרויסע, אויפגעלאָפענע אויגן אין שייבל:

— יאָ, ער דערקענט דאָס פּנים אַקוראַט. אַוואַדע איז דאָס יענער, וואָס איז נאָכגעלאָפן דעם זון אין קעלער אַריין! —

ער האָט זיך צוריק צוגערוקט צום וואַנט-ווינקל, און אַ מינוט אַ טראַכט געטאָן:

— ער וועט אָנפאַלן אויף יענעם פּאַוואָליע, פאָרזיכטיק, און — מיטאַמאָל, אַז יענער זאָל זיך אַ ריר נישט קאָנען טאָן. נאָר נקמה מוז ער איצט נעמען!.. יאָ, נק—מה!...

דער געדאַנק האָט זיך אָפּגעשטעמפּלט אין קאָפּ ביז ווייטיק. דעם מענטשנס גאַנצע לייב האָט זיך אויפגערודערט, געגעסן מיט פאַרדרוסן און געשוימט מיט צאָרן און נקמה-דורשט: אָט דער מערדער פון זיין זון דאָ ביי דער האַנט, אָט דאָס שטיק פאַרקערפּערונג פון טייוולשעס, פון אַלדעס-בייז, מוז אונטערגיין באַלד אויפן אָרט!...

ער האָט זיך צוגעבויגן צום שייבל פון אַ זייט, נאָכגעשפּירט

יעדן מינע פונם אינעווייניקסטן מיט צונויפגעדריקטע פויסטן און שטיל אָנגערירט די קליאַמקע.

דער יונגער גוי, אַן איידעלער, אַ שלאַנקער, אויפן מאַטן פּנים אַ נידעריקע, ברייטע נאָז, מיט קליינע, טיפע, אַרומלויפנדיקע אויגן, האָט זיך אויפגעהויבן און צוגעגאַנגען צום פענסטער. אָנגעשפּאַרט די עלנבויגנס האָט ער שאַרף אָנגעצויגן די בליקן אין דער דרויסנדיקער געדיכטער פינסטערניש פון נאָך האַלבער נאַכט. צי האָט ער אַזוי גע-וואָלט דערקענען ווי ס׳האַלט מיט דער נאַכט, צי אפשר זען ווו דער ייד איז? — עלי האָט איצט דערפילט די געלעגנהייט. אַן אויסערגע-וויינלעכע מאַכט האָט געריצט און אונטערגעשטופּט: איצט איז די צייט!... ער האָט שטיל געעפנט די טיר. דער שייגעץ האָט גאָרנישט געהערט, און אַלץ זיך איינגעקוקט אין דרויסן אַריין. דער באַלעגאָלע האָט אַ וואָרף געטאָן אויף זיין שכן איין אַנגסטלעכן, קרומען בליק, און מיטאַמאָל אים אַ כאַפּ געטון פון הינטן-אַרום מיטן גאַנצן אויפגע-פלאַמטן, חיהשן צאָרן, וואָס האָט אין די לעצטע פּאָר מינוטן זיך קוים איינגעהאַלטן אין אים. דער גוי איז אויפגעשפּרונגען ווי מיטן טויט פאַר די אויגן. דערפילט אַן אייזערנע קלעם אַרום זיינע הענט און באַלד אַרום האַלז, איז ער תּחילת עפּעס איינגאַנצן צעמישט גע-וואָרן; האָט ער זיך גענומען דרייען, רייסן, שפּרינגען מיט פאַרשטיקטע קולות אין אומבאַגרייפלעכן שרעק — און נישט געקאָנט זיך רירן פונם אָרט: ווער איז דאָס?... לאַפּעס פון אַ טייוול גאָר פּלוצלונג?... געוואַלד, ווי דרייט מען זיך אַרויס!... ער האָט אַ ווילדע איינגעגלי-ווערט, ווי געקומען צו זיך און איבערקלערנדיק, און פּלוצים זיך פאַר-ביטערט אַ וואָרף געטאָן און אָנגעהויבן רייסן עליס האַנט מיט אַזאַ ברען און צאָרן, אַז ס׳האָט זיך געדאַכט ס׳האָט זיך אויפגעהויבן אַ פייערדיקע קראַפט פון אַ גבור, וואָס קאָן מיט די באַהאַלטענע שטורעם-דיקע כּוחות זיינע גאַנצע מענטשן-מאַסן צעשטערן.

אַ מוראדיקער קאַמף האָט זיך צעפלאַמט. עלי האָט איצט אין זיך צעריצט דעם ווייטיקדיקן פאַרדרוס קעגן מערדער: „ס׳הייסט? מיין זונס בלוט איז דיר ווייניק? נאָך ווילסטו?“ און דער גוי האָט געריסן עליס הענט מיט דער ווילדקייט פון וואַנזין. דער באַלעגאָלע האָט נישט אָפּגעלאָזט. ער האָט געקרעמפּט דעם שייגעצס האַלז אַלץ

שטאַרקער, פעסטער, דער שטורם אין האַרץ איז געוואָרן ווישיקער, ווילדער, און די פינגער זענען געוואָרן לענגער, זיך איינגעקאַרבט אין טיפע שניטן און ווי פאַרשטאַרצט געוואָרן. „ניין, וועסט זיך נישט אויסדרייען! כ׳על דיר אָפּצאָלן!...״ דאָס פאַרלוירענע בלוט פונם יונגן זון האָט זיך ווי איבערגעגאָסן אין אים דורך איבערשכלדיקע וועגן, געקאָכט, געזאָטן און געשלאָגן מיט ביטערן צאָרן; ער האָט זיך אויפגעהויבן אויף די שפּיצן פיס-פינגער, געגלאָצט מיט האַס און עקל די אומרויִקע אויגן אויפן שייגעצס נאַקן, און געוואָלט, אַז די ענגע פינגער-פּעטליע זאָל ווערן נאָך ענגער. דער באַפּאַלענער האָט שוין געריסן מיט די נעגל. ער האָט אַרומגעוואָרפן דעם קאָפּ, געקלאַפּט מיט די פיס, און דאָ אָנגעשטעלט די שאַרפע ציינער און גענומען בייסן, — ס׳האָט נישט געהאָלפן! און פלוצלונג האָט דער שייגעץ אָפּגעלאָזט די הענט פון נעבן האַלז, זיי פלינק אַ שפּרייט געטאָן אויף הינטן, און אַ זעץ געטאָן עלין אונטערן בויך.

דער באַלעגאָלע האָט זיך פאַרקרומט און יענעם אָפּגעלאָזט. דער גוי האָט זיך אַ קער-אום געטאָן ווי אַ ווירבער. ביידע זענען שטיין געבליבן נידעריק-איינגעבויגענע פנים קעגן פנים, צעדרייט, אָן ווערטער און ערשט גרייט צו מלחמה. איצט!... די רגע איז צו לאַנג געווען. צערודערטע, צושויבערטע זענען זיי ביידע געשטאַנען פול מיט פייער-שנאה אין די אויגן — אָט איז די אַנטשיידנדיקע מינוט!

מיטאַמאָל האָט דער באַלעבאָס אַ שפּרונג געטאָן אָן אַ זייט. אין אַ ווינקל צווישן אָנגעוואָרפענע שטריק און אייזנס איז געלעגן אַ האַק. ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן מיט טראַגישער שנעלקייט, און — אָט-אָט זי שוין אויפגעהויבן: און דאָ האָט דער ייד אים ווילד אַ שלעפּ געטאָן הינטערווײלעכס, און אין איין אויגנבליק אים איינגעדרייט די האַנט אויף הינטן. יענער האָט זיך אַזש צושריגן פון ווייטיק: „אָ-ך! זאָל ער אָפּלאָזן, דעם מיאוסער ייד! וואָס וויל ער פון אים!...״ איצט האָט ערשט דער ייד ווי באַקומען פרישע קרעפטן. אַ קוואַל פון עפּעס אומדערשעפּלעכע, אויסערגעוויינליך-מעכטיקע כּוחות האָט אין אים אויפגעזעצט. ער האָט גענומען ברעכן יענעמס צונויפגעפּלאָנטערטע הענט, זיך אויפגערעגט, ווי אַן אויסגעהונגערטע, צורייצטע וואַלד-חיה, און מיט לוסט און אומרחמנותדיק געקלאַפּט מיט די קני אין יענעמס

רוקן. דער געפלאָגטער האָט זיך נישט אונטערגעגעבן. ער האָט זיך געדרייט, געקאָרטשעט, אַלעמאָל זיך מיטאַמאָל אַ ריס געטאָן, אויסגע־שריגן משונהדיקע הילף־קולות אין דער נאַכט אַריין, אויסגעדרייט צום ייד דעם קאָפּ מיט קללות און וואָרנונג, און געברומט קעגן אים מיט כעס, ווי דער ווילדער, פאַרווונדעטער גבור. דאָ אָבער האָט דער באַלעגאָלע מיט איינמאָל אים אַ שליידער געטאָן מיטן פנים צו דר׳ערד, און ער איז געבליבן ליגן אַ פאַרמאַטערטער, מיט די הענט אויפן רוקן.

אַ רגע האָט עלי אַ קוק געטאָן אויפן קערפּער. קעלט און אומ־רו: די גרויל־טאַט אין קעלער איז געשטאַנען פאַר די אויגן. דער בליק איז איצט געפאַלן אויפן שייגעצס רעכטער, אויסגעשפּרייטער האַנט. ער האָט געקוקט אויף איר ווי אויף אַ לעבעדיקער זאַך:

— פאַרוואָס האָסטו פאַרגאָסן דאָס בלוט פון מיין זון? דו מערדער!...

ס׳האָט געדויערט אַ מינוט. פלוצלונג האָט ער זיך אויסגעדרייט און שנעל געכאַפּט די האַק. עפּעס ווי אַן אייזנדל האָט פאַרטשעפּעט דעם מוח. ער האָט אַ האַק געטאָן איבערן אָרעם נעבן אַקסל מיט אַלע כוחות. דער קערפּער האָט זיך ספּאַזמאַטיש איינגעקאָרטשעט מיט אַ קרעכצעריי. דער באַלעגאָלע האָט זיך אויפגעריכט מיט הנאה, און דאָס האַקן האָט זיך איבערגעחזרט אַ צווייטן מאָל. די האַנט האָט אָפּגע־שפּרונגען.

— ס׳ט שוין וויסן, דו אויסוואורף! —

געהילכט אין שרעק איז דעם יידס פאַמיליע שטיין געבליבן אין אריינגאַנג, ביי דער אָפענער טיר:

— עלי, וואָס טוסטו!

ער איז שטיין געבליבן קעגן איר מיט אָפּגייענדיקן כעס, און מיט נצחון־פרייד:

— אָ, נקמה גענומען! נקמה פאַר אונזער זון, ביילע... קום!...

און מיט ווייב און קינדער הינטער זיך, האָט ער זיך ווידער־אַוועקגעלאָזט, אָן אַ תכלית, איבערן נאַכטיקן פעלד.

# דער שינעל

## א.

נאָך אַ רווישיקן יאַריד-טאָג.

אַז ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט, האָט דאָס שטעטל, ביי דער בעסאַראַביער-רומענישער גרעניץ, קוים אָפּגעאָטעמט. קליינע זענען געבליבן שטיין מיט די טירן האַלב-צוגעמאַכט, און אינעווייניק — די לאָמפּן איינגעדרייט. אין דרויסן איז געווען שטיל. דאָ און דאָרט האָבן מענטשן שווייגנדיק, ווי שטומע שאָטנס זיך אַרומגעשלייכט, און אָפּגעלאָזט געשפּאַנט אין דער נאַכט, ווי די מידע אויף אַ ווייטן וואַנדער-וועג. די פאַרהאָרוועטע שטאָט האָט געזוכט רו. האָט מען פרי אין אָוונט זיך נאָך אַביסל אַרומגעשלעפּט אין די הייזער שוואַך, און פאַרפלאָנטערט, קוים אַ וואָרט אויסגערעדט, און נאָכדעם, אַז מ'איז צוגעפאַלן מיט די מידע ביינער צו די געלעגערס, איז — נאָר ווי פאַרחלשטע.

האַלבע נאַכט. גאָר פּלוצלונג — אַ גוואַלדיק קראַכן:

— טראַך!... טרראַך!...

דאָס שטעטל האָט זיך אויפגעטרייסלט. דאָס געפּערלעכע שיסעריי איז געוואָרן וואָס אַמאָל שרעקלעכער. דער טומל איז אָנגעקומען אַזוי מיטאַמאָל, אַז מ'איז צומישט געוואָרן. איז מען געשטאַנען ביי די געלעגערס מיט צעשפּרייטע הענט, און זיך געחידושט:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ צרה?

נאָכדעם האָט מען זיך צוגעשלייכט צו די הינטער-טירן, זיי געעפנט גנביש-פאָרזיכטיק, און קוים אַרויסגערוקט אַן אויער:

— דאַכט זיך, ביים וואָקזאַל.

לייזער שוסטער, אַ ייד ביי די פופציק, אַ מיטל-וווקסיקער, מיט אַ בלייכן, צואַקערטן פּנים פון האָרעוואַניע און זאָרג, האָט דערהערט דאָס צולאָזענע שיסעריי. אין דאַרן קערפּער איז דורך אַ קעלט. ער איז געבליבן שטיין ביים בעט מיטן מויל צעפּראַלט, און אומרויִק גע-

קוקט אַהין־אַהער אין דער פינסטער: „וואָס טוט מען? ווו ווערט מען עפּעס געוווּיר? ווער ווייסט ס׳אַרא סכנה ס׳שטייט דאָ פאַר?...״ דאָ איז פון צווייטן צימער אַריינגעלאָפן דער זון, וואָס איז אויף אורלויב פון מיליטער געווען אַהיימגעקומען: האָט אַ צעטראָגענער עפּעס געזוכט, און געוואָלט אַרויס אינדרויסן. דער פאָטער האָט זיך צעשריגן אויף אים. אַליין, אָבער, האָט ער אַ כאַפּ געטאָן אויף די פּלייצעס דעם זונס סאָלדאַטסקע שינעל, געבעטן דעם בחור, ער זאָל אַכטונג געבן אויף דער מאַמען מיט די קינדער און איז אַרויס:

— אַ מינוט... ער איז שוין דאָ צוריק...

אינדרויסן האָט זיך לייזער תחילת באַהאַלטן פאָרנט אויפן גאַניק. באַלד אָבער האָט ער זיך גענומען שאַרן האַרט ביי די הייזער. דאָ האָט דאָס שיסעריי אויפגעהערט.

— יאָ, פונם וואָקזאַל קומט עס.

ער האָט אַוועקגעשפּאַנט אַהין אַ נייגיריקער. קיין געפאַר איז שוין נישטאָ, — האָט ער זיך געמאַכט האַרץ. מ׳דאַרף נאָר זיין פאָרזיכטיק. נו, דער וועג איז דאָך אים גוט באַקאַנט — וועט ער גיין אַזוי אַראָפּ מיט דער גאַס, זיך האַלטן נעבן די בוימער, און אונטער יעדן בוים זיך אָפּשטעלן און אַרומקוקן. איז געגאַנגען ווייטער און דערהערט אַ גערויש: טריט פון אַ גרופּע מענטשן דאָ נישט ווייט אין אַן איינגעהאַלטן שושקעריי.

ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן אונטער אַ בוים. אַ פאַרדרוס פאַרוואָס ער איז איצט אַוועק פון דערהיים, האָט אים אַזש מיט אַ ריס אין האַרצן אַ נעם־דורך געטאָן. האָט זיך אָבער באַלד געכאַפּט: זע־נאָר, ס׳דאָך פאַראַן אַן עצה! דאָ נאָענט איז דאָ דאָס ליקל וואָס ציט זיך פאַרביי זיין הויף: וועט ער זיך אַהין פאַרגנבענען, און — צוריק אַהיים. ס׳אַראַ גליק!... האָט ער זיך אַרומגעקוקט, געשטעלט אַ טריט פאָרויס און — צום ליקל!

— סטע—י! — האָט מען אַ געשריי געטאָן.

דער שוסטער האָט זיך פאַרלוירן. איז שטיין געבליבן אַן איינגעגליווערטער, אונטער אַ בוים, און זיך אַרומגעקוקט. אין דער פינסטער אינמיטן גאַס האָט געשפּאַנט אַ קליינער עולם מיט מענטשן. זענען צוגעקומען אַלץ נענטער. ווער זענען זיי? דאָ האָט זיך פלינק אַ רוק־

אונטער געסטאָן אַ רומעניִשער אָפיצער, און — מיט אַ רעוואָלווער קעגן פּנים:

— אויפהויבן די הענט!

דער אָפיצער האָט אַ בליק געטאָן מיט זיין באַטערעע, און אַרומגעקוקט דעם אָפּגעשטעלטן. באַלד האָט ער גענומען דורכנישטערן זיינע קעשענעס, און בשעת מעשה אַ פריילעכע מעלאָדיע אונטערגעפייפט. דאָ האָט ער דערזען דעם רוסישן שינעל, און זיך בייז צעשמייכלט:

— אָ-אָ—... אַ שינעל מיט אַ רויט בענדל ביים האַלז... אַזוי גאָר? — — —

אינמיטן גאַס איז דער עולם געשטאַנען אַ פאַרשוויגענער: געפאַנגענע מענטשן. זענען געווען אַרומגערינגלט פון רומענישע סאָלדאַטן, וואָס זענען די נאַכט אַריבער די גרעניץ, און פאַרנומען דאָס שטעטל.

לייזערן האָט מען אַריינגעטריבן צווישן די געפאַנגענע.

מ׳איז אַריבער די גרעניץ. ס׳האָט געשאַריעט אויף טאָג. מ׳האָט זיך געדרייט דורך טונקעלע בוימער-אַלעען, קרומע, פאַרפלאָנטערטע וועגן, און אַרויס אויפן פרייען פעלד. דאָ האָט מען זיך אָפּגעשטעלט ביי אַן אַלטער הויז, ווו דער הויף איז פול געווען מיט משא-אויטאָמאָבילן, און מיטן קאָך פון שטאַרק-פאַר׳טרוד׳טע סאָלדאַטן.

דער פריערדיקער אָפיצער איז דאָ געוואָרן גוטמוטיק. האָט געקלאַפּט די געפאַנגענע איבער די פלייצעס און צוגעשמייכלט: „נישט געזאָרגט, קינדער, נישט געזאָרגט! באַלד לאָזט מען אייך אַהיים.” און באַלד טאַקע האָט ער געהייסן די אַרעסטירטע זאָלן אים נאָכגיין.

מ׳איז אַריין אין אַ ברייטן כמעט ליידיקן צימער. אויף אַ טישל ביי אַ וואַנט האָט דאָ פול מיט סודות און שרעקנדיק האַלב-טונקל אַ קעראָסין-לעמפל געברענט, און ווייטער איז דאָ געווען שטיל און פוסט, ווי אין אַן אַלטע חורבה. די פרעמדע זענען אַריין אינעווייניק. עטלעכע סאָלדאַטן האָבן זיי נאָכגעפאָלגט. דער אָפיצער האָט די געפאַנגענע אויסגעשטעלט ביי אַ וואַנט. איצט האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט מיטן מונדיר ברייט צעכראָסטעט, און מיט די הענט אין די גלייכע הויזן-קעשענעס:

— די באָלשעוויקעס — אינמיטן צימער, צום פראָנט-צו!

אַ גליווער-שטילקייט האָט זיך אַ רוק-אָן געטאָן.

— וואָס שווייגט איר, אין דער מאַמעס צלם אַריין! שטיל.

איז דער אָפיצער צוגעגאַנגען צו לייזערן און אים אָנגענומען ביים שיטערן, שוואַרץ־גרויען בערדל:

— אַ רויט בענדל זיך אָנגענייט ביים שינעל, האַ? איבערקערן די וועלט ווילסטו, האַ?...

האָט דער שוסטער זיך גענומען צאַפּלען, און געוואָלט עפּעס זאָגן — האָט זיך די צונג פאַרפּלאָנטערט. וואָס־זשע האָט ער געקענט טאָן? האָט ער בלויז געצייגט דעם אָפיצער, ווי דער שינעל הענגט פון אים אַראָפּ לעפּיש־אָפּגעלאָזן, לאַנג און ברייט, און אים אָנגעקוקט מיט געבעט־בליקן:

— דער שינעל איז פון אַן ערלעכן סאָלדאַט, אייער הויכגע־בוירט. אַ כשרער... און, מיין זונס — נישט מיינער.

און דאָס לעצטע האָט ער שוין אַרויסגעשטאַמלט אויפן קול:

— נ־נישט מיינער...

— באָלשעוויק! — האָט דער אָפיצער אַ זעץ געטאָן לייזערן אי־בערן פּנים.

און אַז לייזער האָט זיך געכאַפּט צום פּנים מיט געוואַלדן:

— שווייג שטיל, זאָג איך דיר, דו באָלשעוויק!

און האָט מיט כעס און הנאה אָנגעהויבן קלאַפּן דאָס פּנים, און דעם מאָגערן קערפּער.

די געפאַנגענע האָבן פאַרשטיקט אין זיך די אָטעמס. עמיצער האָט אומגערן הויך אַן „אוי“ אַרויסגעלאָזט.

— נו, עמיצער וועט אָנווייזן, ווער ס׳זענען די באָלשעוויקעס? מ׳האָט נישט גערירט אַן אבר.

— וואַרט אויס! איך וועל אייך ערשט ווייזן! — — —

מ׳איז אַרויס מיט די אַרעסטירטע אויפן הויף. דאָ האָט מען זיי פאַרפּאַקט אין צוויי גרויסע לאַסט־מאַשינען, און — אין וועג אַריין.

## ב.

אַ שטונדע אויף טאָג איז מען אָנגעקומען אין דער שטאָט י.. אַז מ׳איז פאַרבייגעפאָרן די ערשטע געסלעך פון פאָרשטאָט, איז נאָך געווען פרי־

מאָרגנדיִק שטיל. דאָ, דאָרט האָט זיך פויל און שווייגנדיק איינער אַליין אַ מענטש געשלעפּט; ס׳האָבן זיך אין וועג באַגעגנט צוויי שיקסעס, און פאַרשלאָפענע אַוועקגעשפּאַנט צוזאַמען צום ברונים מיט די קאַראָמיס-לעס אויף די פּלייצעס; אין אַ הויף ערגעץ האָט אַ רעווע געטאָן אַ הונגעריקע בהמה; און ערטערווייז האָבן זיך שוין געעפנט די טירן, און מענטשן מיט אַרויסגעשטעלטע קעפּ, האָבן נייגיריק נאָכגעקוקט די שווערע, לויפנדיקע אויטאָמאָבילן.

מ׳האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבן אַ ריזיקע געביידע, אַ טיף-אַריינ-געררוקטע אין אַ שיינעם, געדיכטן גאָרטן. די אַרעסטירטע זענען אַריין אין הויף. וואָס פאַר אַ פּלאַץ איז דאָס? מ׳האָט שוין געוואָלט דאָ דורכדרינגען די מענטשן, די צימערן, מיט אַלע זייערע סודות. אָן אַ צאָל גרויסע, פעסט-פאַרהאַקטע טירן פאַרמאָגט די געביידע: אַ לאַנ-גער קאָרידאָר מיט געדיכט-פאַרקראַטעוועטע פענסטער ציט זיך אַוועק. האָבן שוין די צעטומלטע מוחות פון די געפאַנגענע געזען, הינטער טיר און פענסטער, אומגליקלעכע פאַרמשפטע מענטשן, וואָס רייסן זיך מיט אַלע כוחות זיך צו ראַטעווען...

זיי זענען אַריין אינעווייניק. מ׳איז אַוועק איבערן לאַנגן קאָרי-דאָר. ערטערווייז האָבן אַרומגעשפּאַנט סאָלדאַטן, און זיי נאָכגעקוקט שטום און סודותפול. עטלעכע מאָל האָבן זיי אָפּגעשטעלט מיליטערישע באַאַמטע, און זיך עפּעס נאָכגעפרעגט אויף זיי. אַ מאָדנע ערנסטקייט האָט דאָ געדריקט. און אָט האָט מען זיך אָפּגעשטעלט. די פאַרנומענע האָבן זיך איבערגעקוקט, פּלוצלונג מער נישט אויסגעהאַלטן, און זיך צונויפגעשטופּט, ווי הילפלאָזע שאָף אין אַ ווינט-שטורם:

— ווּהין פירט מען אונז, מענטשן?

— וואָס ווילן זיי פון אונז? מיר האָבן עפּעס געזינדיקט?

— ווער ווייסט וואָס זיי וועלן אונז דאָ טאָן? עמיצער ווייסט דען אַפילו, ווו מיר זענען איצט!

אפשר — בעטן רחמנות?...

— ווער רעדט דאָרט!

מ׳האָט די אַרעסטירטע צעשטעלט אין קאַמערן. לייזער איז אַריין אין אַ צימער אַליין.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט: אַן ענגער צימער. די ווענט — קויטיק,

אָפּגעלאָזן, און ערטערווייז געדיכט און מטושטשדיק פאַרשריבן און באַ־מאָלט מיט בילדער. אויבן ביי דער טיר — אַ קליין פיר־עקיק פענס־טערל מיט דיקע אייזן־קראַטעס. אויף דר׳ערד האָט זיך געוואַלגערט אַן אַלטער, שמוציקער שטרוי־זאַק, און אַ קליין בענקעלע איז אין אַ ווינקל געשטאַנען. ווייטער איז דאָ געווען פּוסט און טרויעריק.

אַ ווײַלע איז דער מענטש געשטאַנען ווי איינגעגליווערט. נאָכ־דעם איז ער צוגעגאַנגען צו דער טיר און זיך אונטערגעהערט: ס׳איז שטיל. ער האָט אויסגעטאָן דעם שינעל, אים דורכדרינגלעך באַטראַכט, און געבליבן שטיין אין פאַרלעגנהייט:

— וואָס טוט מען מיט דעם שינעל? ווער ווייס, וואָס ער וועט נאָך דאַרפן ליידן איבער אים...

ער האָט קיין עצה נישט געפינען. האָט ער צוריק אָנגעטאָן דעם שינעל און זיך אַוועקגעזעצט אַ פאַרחלומטער אויפן בענקעלע. אומגע־לומפּערטע פיין־בילדער האָבן זיך פאַר די פאַרטרוימטע אויגן געטראָגן, פאַרגעשטעלט אַכזריותדיקע שטראָפן, און אַלעמאָל האָט דער איינגע־בויגענער קערפּער זיך אַ מונטער געטאָן, ווי פון אַן אומרויקן שלאָף זיך אויפגעטרייסלט: „אַודאי וועלן זיי אומברענגען! ווו׳דען? און זיי האָבן דאָך אַ תירוץ אויך — אַ באָלשעוויסטישער שינעל! יאָ, זיין גורל איז שוין פאַרחתמעט...״

וואָס טוט מען? ווי אַזוי ראַטעוועט מען זיך?

האָט ער פלוצלונג זיך אויפגעהויבן, שטיל זיך צוגעשלעפּט צו דער טיר, און אַ דריי געטאָן דאָס הענטל.

— העי! טשיני אַקולאָ*) — האָט זיך דערהערט פון יענער זייט.

ער איז אַוועק אַ דערשראָקענער און זיך אַראָפּגעזעצט אויפן שטרוי־זאַק. ער האָט געקוקט מיט שטאַרע בליקן צו דער טיר: „וואָס האָט ער געוואָלט טאָן, וואָס! זיך נאָך מער אומגליקלעך מאַכן!...״ שטיל. די טיר בלייבט פאַרמאַכט. פון יענער זייט האָט עמיצער בלויז אַביסל אונטערגעברומט מיט אָפּגייענדיקן כעס, נאָכדעם האָבן זיך גע־הערט געמאָסטענע סאָלדאַטן־טריט, שפּאַנענדיק פעסט און צום טאַקט, אַהין־אַהער:

— מיר היטן! מיר היטן! — — —

*) ווער איז דאָרט.

אין דערהיים וועלן זיי אַפילו נישט וויסן, ווו ער איז פאַרפאַלן געוואָרן, — האָט ער זיך מיטאַמאָל געכאַפּט. די שטאָט איז דאָך שוין דע־מאָלט געשלאָפן!... וואָס זיי מוזן דאָרט איצט איבערלעבן, זיין ווייב און קינדער... און פונם שיסעריי זענען מסתּם געבליבן פאַרווונדעטע, צי אפשר אויך טויטע: זוכן זיי אים, די ווייב און קינדער, ביים וואָק־זאַל, אין די גאַסן, קלאָגן און קערן וועלטן — און קענען אים נישט געפינען. ווען זיי וויסן כאָטש, ווו ער איז, אפשר וואָלטן זיי אים פאָרט געקאָנט אויסלייזן? אָבער, ווי קענען זיי זיך דערוויסן? דער איבערפאַל אויפן שטעטל איז דאָך מסתּם אומישנע פאָרגעקומען אינמיטן נאַכט — אַלץ זאָל אויסקומען אומדערוואַרטעט און באַהאַלטן... יאָ, ווער ווייס, וואָס מיט אים וועט איצט פּאַסירן...

און אויפן צווייטן טאָג, גאַנץ פרי, האָט מען געעפנט די טיר:

— העי, קומאַ! *) —

### ג.

לייזער איז אַרויס.

ער האָט געשפּאַנט פאָרויס איבערן לאַנגן קאָרידאָר, און צוויי סאָלדאַטן זענען ערנסט־שווייגנדיק אים נאָכגעגאַנגען אָנגעשטעלט מיט די שפּיזן אויף אים. מ׳האָט פאַרבייגעשפּאַנט אַ סך הויכע מאַסיווע טירן, וואָס זענען געווען פעסט פאַרהאַקט. דער אַרעסטאַנט האָט נאָכ־געטראַכט: „פאַרוואָס זענען די טירן אַזוי גרויס, פעסט, און אָן פענ־סטער? ווער ווייס, וואָס דאָרט אינעווייניק טוט זיך?...״ האָט אַלעמאָל געקוקט פאָרויס, און געווען זיכער: אָט שטעלט מען אים אָפּ: דאָ, ביי דער צווייטער טיר, נעמט מען אים אַריין און — פאַרלוירן.

— אָ, ווען דער וועג זאָל זיך ציען אַזוי אייביק! — — —

מ׳האָט זיך אָפּגעשטעלט. פון אַ צימער איז אַרויסגעקומען דער באַקאַנטער אָפיצער. האָט צוגעשפּאַנט צום שוסטער אַ שטאָלצער, און — פּלוצלונג אַ גרולה:

— העי־העי, מאָשקוליע, וואָס טוסטו עפּעס? פון נעכטן אָן דיך נישט געזען! —

און אַזוי מילד צושמייכלנדיק:

— קום אַריין, מיין פריינט... אויף אַ פּאָר ווערטער בלויז...

*) שטיי־אויף.

אינעווייניק אין צימער זענען אויף אַ לאַנגע באַנק ביי דער וואַנט געזעסן רומענישע און אוקראַינישע אָפיצערן. אַנטקעגן זיי, אויף דער צווייטער זייט, זענען געשטאַנען ביי דער וואַנט עטלעכע איינוווינער פון זיין שטעטל. זיי האָבן זיך געטוליעט איינער צום צווייטן עפּעס שטום און שרעקלעך דערשלאָגן, זיך גנביש איבערגעקוקט אָן ווערטער, און בלויז זיך ביטער בּאַקלאָגט מיט די בליקן. זענען געשטאַנען איינגעבויגן און ווי געציטערט. לייזער האָט, אַריינקומענדיק, מיטן ערשטן אויגנבליק דערקענט זייערע צרות: האָט, אָבער, אָן זייער אויסזען נישט געקענט דערגיין, צי האָט שוין פּאַסירט עפּעס בייז, צי שרעקן זיי זיך אַזוי אויסערגעוויינלעך פאַרן אָנקומענדיקן.

ער איז געבליבן שטיין קעגן די אָפיצערן מיט אַ צוקנייטשטן, בעטנדיקן פּנים, קנעכטיש — שפּלדיק. די מיליטער־באַאַמטע האָבן זיך צעלאַכט. דאָ האָבן זיי באַמערקט אויף זיין קאָלנער דאָס רויטע.

— כי־כי... אַזאַ נפשל — אַ באָלשעוויק?

— זע נאָר אַ באַשעפעניש!

— העי, היט זיך!...

זיי האָבן זיך צעלאַכט.

מיטאַמאָל האָט זיך אויפגעשטעלט פון באַנק אַן אוקראַינישער אָפיצער, אַ טויט־ערנסטער. ער איז באַלד געוואָרן שטאַרק פאַר׳עסקט. דער קערפּער האָט זיך שטאָלץ אַ צי־אויס געטאָן, פול מיט איינגעצוימטן כעס, און די אויגן — פּאָספּאָר. ער איז געבליבן שטיין קעגן לייזערן, מיט דער אַרויסגעכאַפּטער שווערד אויפגעהויבן:

— זאָג דעם אמת, זשיד. ווי קומט צו דיר דער מונדיר?

האָט דער שוסטער קוים געענטפערט:

— וו־וואַשע ב־בלאַ-...

דער אָפיצער איז אויפגעשפּרונגען, און אַ זעץ געטאָן מיט דער אויפגעהויבענער שווערד אויף לייזערס פּלייצעס. דער געשלאָגענער איז געבליבן שטיין אויף די קני. די שאַרפע שווערד, אָבער, איז פאַר־וואָס־עפּעס אַראָפּגעפאַלן מיט דע־ טעמפּער זייט.

— ווילסט שוין מאַכן עפּעס אַ זשידאָווסקע חניפהלע, דו הינטישער זון!... קלערסט שוין פון אַ ליגנדל, דו באָלשעוויק!...

ער האָט אַראָפּגעקוקט אויף דעם אומגעפאַלענעם, און אים אָנ-

געכאַפּט ביי די האָר פון קאָפּ: „נו, שטיי־אויף!" יענער האָט זיך נישט אויפגעשטעלט. „וואָס, ער וויל זיך נישט אויפהויבן!..." ער איז אַזש געוואָרן אויסער זיך פון כּעס. האָט ער אַ רוף געטאָן די צוויי סאָל־דאַטן ביי דער טיר:

— אים אויפהויבן! איך וועל אים שוין ווייזן! — — —

די אָפּיצערן אויף דער באַנק האָבן זיך צוגעקוקט אויפגעלעגט און נייגיריק, ווי אויף אַן אויפרייצנדיקער, באַרבאַרישער געפעכט־סצענע. מ'האָט זיך אומגעדולדיק אַרומגעדרייט אויף די ערטער, און געוואַרט אויף עפּעס אויסערגעוויינלעכעס. די בלוטן האָבן זיך געהיצט. פון צייט צו צייט האָט זיך דאָ געהערט אַ פריילעכער אויסרוף, אַ באַמערקונג, און די הערצער האָבן ציטעריק זיך נאָכגעצויגן נאָך זייער הברס געוואַגטע האַנט־באַוועגונגען, ווי זייערע אייגענע הענט וואָלטן דאָ געאַרבעט:

— אָט־אָט פאַלט דער אמתער קלאַפּ!... אָט צענהרגט ער אים ווי געהעריק!...

פּלוצלונג האָט דער אָפּיצער זיך אַ צי־אויס געטאָן פאַר זיינע פאַר עלטערע הברים, אין זיין גאַנצער הויך. די ענטבלויזטע שווערד האָט ער מיט דער לינקער האַנט דרך־ארצדיק צוגעשפּאַרט אויף אַ זייט, און מיט דער רעכטער האַנט — אונטערן דאַשעק:

— ערלויבט מיר כאָטש איין זשיד אויף מיין לעבן אומצוברענגען!

און באַלד טאַקע האָט די שווערד זיך אַ הויב געטאָן איבער לייזערס קאָפּ, און צום דיל איז אַראָפּגעפלויגן אַ האַלבער אויער. ס'האָט אַ קוועל געטאָן איבערן אויער מיט רויטן. עטלעכע אויפגעזאָטענע, גע־דיכטע בלוט־טראָפּנס האָבן אויפן אַקסל אַראָפּגעקאַפּעט, און ס'האָט זיך שוין צעשטראָמט אַ גאַנצער קוואַל. איצט האָבן די אָפּיצערן דערזען אמתע מעשים. איינער האָט זיך צעלאַכט. אַ פּאָר האָבן געפּאַטשט „בראַוואָ". אָבער דאָ איז עפּעס דער עלטסטער געוואָרן אָנגעכמורעט און שטיל אַרויסגעברומט: „נו, זאָל שוין זיין גענוג!" לייזער האָט גאָרנישט געהערט: תּחילת האָט ער אַפילו נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ איז געשען. האָט געפילט בלויז, אַז אין איין אויער קלינגט אַזוי רוי־שיק, ציטערט — און אַז עפּעס האָט זיך דאָרט אָפּגעריסן. באַלד אָבער האָט די וווּנד גענומען שניידן מיט אַזוינע ווייטיקן, אַז דער דאַרער, איינגעבויגענער מענטש האָט גענומען שרייען און אונטערשפּרונגען,

ווי אַ ווילדער. דאָ כאַפּט ער אָן מיטביידע הענט דעם אין-בלוט-פאַר-טרונקענעם, האַלב-איבערגעבליבענעם אויער, און — ווי מ'באַוויינט אַ טויטן:

— הו — — הו — !... הו — הו — — — ו — !...

— זאָל ער בעסער אויפהערן שרייען, — האָט איינער אומגע-וואַגט אַ זאָג געטאָן.

דער פאַרוווּנדעטער האָט ווייטער געשריען.

פון נעבן דער וואַנט, ווו ס'זענען געשטאַנען די איינוווינער פון לייזערס שטעטל, האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט אַ קרעכצעריי.

דער עלטסטער אָפּיצער האָט זיך רוישיק אויפגעהויבן. באַלד האָבן זיך די אַנדערע אויפגעשטעלט. זיי האָבן נאָכגעקוקט דעם עלטסטן דרך-ארצדיק און פאַרוווּנדערט. דער הויך-ראַנגיקער איז געבליבן שטיין אַ פאַרכמורעטער, עפּעס נאָכגעקלערט, און די געדיכטע, שטייף-אַרויפ-געדרייטע, שוואַרצע וואָנסעס האָבן פון צורודערטקייט זיך געהויבן אַרויף און אַראָפּ. אַן אָנגעבלאָזענער, דעם גרויסן בויך אַרויסגעשטעלט, האָט ער אָנגעטאָן זיינע ווייסע הענטשקעס, און שטאָלץ און שווייגנדיק אַרויס פון צימער. די אָפּיצערן האָבן זיך איבערגעקוקט דערשטוינטע:

— האָט אפשר עפּעס מורא, דער פּולקאָווניק? וואָס איז דאָ פלוצלונג מיט אים פאָרגעקומען?...

און באַלד האָט מען די געפאַנגענע אַרויסגעפירט.

## ד.

ווידער אין קאַמער.

לייזער איז געלעגן אויף דר'ערד אַריינגעטאָן אין אַ טשאַד, ווי פאַרלוירן אין אַ פינסטערער טיף. די ווייען אַרום האַלבן אויער האָבן נישט אויפגעהערט. טונקעלע, פאַנטאַסטישע בילדער האָבן פאַר די צו-היצטע אויגן זיך געטראָגן, געוואָרנט און געשראָקן. און ס'האָט אַזוי געשניטן אין מוח — אומצוקומען. דער מענטש האָט זיך אינגאַנצן צו-נויפגעדרייט, ווי ער וואָלט וועלן ערגעץ פאַרפאַלן ווערן... די אויפ-געשפּיצטע קני האָבן כמעט דערגרייכט זיין מאָרדע, דער קאָפּ האָט זיך אַריינגעבויגן, אַריינגעטוליעט אין שינעל, ווי זוכנדיק שוץ דאָרט, און די פינגער האָבן אַלץ אַזוי נעבעכדיק געטאַפּט אַרום וווּנדיקן אָרט. פון צייט צו צייט האָט דער קערפּער פלוצלונג זיך ווילד אויפגעצאַפּלט,

און דער מענטש האָט זיך צעשריען.

די ווונד איז נאָך געווען פריש און שרעקלעך ווי געטאָן. דער בלוט-שטראָם אָבער האָט זיך שוין אָפּגעשטעלט. ס׳איז געווען גאַנץ פרי — אויפן צווייטן טאָג נאָך דער פּאַסירונג. ביידע זייטן פון פּנים זענען געווען פאַרשמירט פונם בלוט, דער שינעל-קאָלנער — צווייקט און צוקנייטשט, און דאָס קורצע שוואַרץ-גרויע בערדל — אָנגעזאַפּט מיט רויטן און פאַרטרוקנט. לייזער האָט זיך אויפגעריסן ווי פון אַ טשאַד:

— אַ באָלשעוויק... ער איז פאַרלוירן !...

האט זיך אויפגעהויבן און גענומען אַרומשפּאַנען איבערן צימער. אָט קומט מען נאָך אים, — האָט ער אַלעמאָל ציטעריק געקוקט צו ז׳ער טיר. וואָס טוט מען? ער וועט דאָ פאַרלוירן ווערן, און קיינער וועט אפילו פון זיין געביין נישט וויסן...

— האַ? אפשר וועט ער זיך פאָרט ראַטעווען? זענען דאָך נאָר וואָס אַריין אין אַ ניי אָרט, די רומענער, אפשר וועלן זיי נישט וועלן אויפרייצן די באַפעלקערונג, און פאָרט רחמנות האָבן? שיקט זיך זיי זאָלן נישט איבערטראַכטן? זענען דען שוין אויפן נייעם אָרט אַזוי זי-כער?... און ער איז דאָך אומשולדיק! האָט דען עפּעס געזינדיקט? — — — ווער ווייס, וואָס ס׳קען נאָך פּאַסירן...

פון איבער דער טיר, ביי אַ זייט, האָט אַראָפּגעקוקט דאָס פאַר-קראַטעוועטע פענסטערל, וואָס גייט אַרויס צום קאָרידאָר. ס׳איז שוין געווען אַ ביסל דורכזיכטיק פון דער פרימאָרגן-שיין, און געמאַניעט. אָ, ווען דאָס פענסטערל גייט אַרויס צום דרויסן! וואָלט כאָטש גע-פּרוווט זיך ראַטעווען!... אָבער — וואָס רעדט ער, וואָס! האָט דאָך, פאַרבייגייענדיק אין קאָרידאָר, באַגעגנט אַזוי פיל סאָלדאַטן! ווי קאָן מען זיך דאָ ראַטעווען? די סאָלדאַטן וואָלטן אים זיכער באַלד געכאַפּט. און אפשר — נאָכגעשאָסן אויך? — — —

אַ קלאַפּ. ביי דער אָפענער טיר איז געבליבן שטיין אַ סאָלדאַט מיט אַ ראַפּאָרט:

— ביסט פריי.

---

מיט אַ מוראדיקער שנעלקייט איז לייזער שוסטער געלאָפן הינ-טער דער שטאָט אַהיים. איז געלאָפן אָן אָפּשטעל. אויפן פעלד האָט

זשומענדיק און שניידנדיק ארומגעיאָגט אַ שאַרפער, ווינטערדיקער פרי-מאָרגן-ווינט: דאָ און דאָרט, צעוואָרפן איבער די פוסטע שטחים זענען געלעגן ווייסע, שטייפע שניי-בערגלעך, און די בייסנדיקע יאַנואַר-קעלטן האָבן ארומגענומען דאָס פּנים, ווי מיט קאַלטע, פאַרפרוירענע נעגל אַזוינע, און זיך איינגעגעסן אין די ביינער. די פּאָלעס פון קאַלטן שינעל, וואָס איז געלעגן אויפן הוילן נאַכט-העמד און זיך געקלעפּט צום שווייסיקן לייב, האָבן זיך צעלאָזן געהויבן, אריינגעלאָזט דעם שלאָגנדיקן ווינט צום קערפּער, געקלאַפּט אין די קני, זיך געריסן און מיד געמאַכט — און דער באַפרייטער מענטש האָט געיאָגט מיט אַלע כוחות: „אָ, ער לויפט איצט אַהיים, אַהיים! אַזוי שווער צו גלויבן!" ער האָט דורכדרינגלעך געקוקט דורכן דינעם, צעקריכנדיקן פרימאָרגן-נעפּל איבער די ווייטע פעלד-שטרעקעס, וואָס פירן אַהיים, געשפּרונגען איבער וועג-גריבער, שטיינער און תבואה-געוויקסן, און זיך נישט אָפּ-גערוט אַ מינוט.

— יאָ, דאָס איז עס... נייע אַריינדרינגער, האָבן זיי, אַפּנים, נישט געוואָלט איינשטעלן, — איז אים, לויפנדיק אַן איבעראַשטער פון שמחה, אַלעמאָל געקראָכן אין קאָפּ אַריין.

מיטאַמאָל איז ער געבליבן זיצן אויף דר׳ערד אַ דערשעפּטער. איז געוועזן געפערלעך מיד און שווער געאָטעמט. וואָס טוט מען? — האָט ער זיך געערגערט. ווען וועט ער אָנקומען אַהיים, אַז ער וועט זיך אַלעמאָל אָפּרוען?... דאָס האַרץ האָט זיך געריסן פאָרויס מיט אומ-געדולד, קלאָג און בענקעניש. און ער איז דאָך שוין אַזוי אויסגעמאַ-טערט! וואָס זאָל ער טאָן? — — —

דאָ איז אים אַריין אין קאָפּ אַן איינפאַל: ס׳האָט אים מיטאַמאָל אַזוי אַ נעם געטאָן, אַז ער האָט זיך אַזש צערודערט פון פרייד. זע נאָר ווי ס׳איז אים גאָר פריער נישט איינגעפאַלן!... האָט ער אַזוי זיצנדיק אַראָפּגעשלעפּט פון די פיס די שווערע שטיוול און געבליבן אין אַ פּאָר הוילע זאָקן, פלינק זיך אויפגעהויבן און אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם זונס שינעל, ווי אַן אומדערטרעגלעכן יאָך, און געבליבן שטיין אין קעלט אַ האַלב-נאַקעטער. אָ, ווי גליקלעך ער איז איצט! ער איז געראַטעוועט!...

און לאָזנדיק די קליידער-משא אויף דר׳ערד, האָט דער בעפריי-טער לייכט זיך אַ לאָז געטאָן איבערן פעלד — אַהיים.

# דאָס ווינקל

אין עטלעכע טעג אַרום, נאָכדעם ווי איטע האָט אַוועקגעשיקט איר זון אין מיליטער, האָט זי אין הינטערשטן צימער אָפּגערוקט, בשעתן רוימען, די אַלטע, ברייטע שאַפע פונם וואַנט-ווינקל, אַרומגע- קוקט דאָס שטיקל אָרט, ווי צום ערשטן מאָל, און אין די שלייפן האָט זיך עפּעס דורכגעריסן, ווי אַ נאָדל:

—וואָס האָב איך געטאָן? פאַרוואָס האָב איך אים אַוועקגעשיקט! דאָ, אין דעם ווינקל האָב איך אים דאָך געקאָנט באַהאַלטן!...

די גאַנצע צייט איז עס איר גאָר אויפן מוח נישט געקומען. אַז דער רוף צום פּריזיוו איז אַריין אין שטעטל פּלוצלונג, ווי אַן אָנ- געטראָגענע מגפה! איז זי געווען דעמאָלט פאַרטראָגן אין דעם וואָס שפּעטער וועט זיין, אַרומגעשפּאַנט בייז און אומגעדולדיק און צו קיי- נעם אַ וואָרט נישט אויסגערעדט, און אין האַרצן געהאַט בטחון נאָר אין איין גאָט. וואָלט ער, דער מאַן אירער, כאָטש איר עפּעס געזאָגט, אַן עצה געגעבן! ניין, האָט ער אַלץ געשוויגן. אַלעמאָל איז ער איר אַקעגנגעקומען כמעט ביז צום פּנים, און געקוקט אויף איר מיט גרוי- סע, אָפּגעלאָזענע אויגן, אָן אַ וואָרט, ווי אַ שטומער תם. אָ, ס'אַראַ שונא זי איז אים דעמאָלט געווען, דעם אייגענעם מאַן אירן!

און אַזוי איז דער זון אַוועק אין פייער.

איצט, שוין נאָך אַלעמען, האָט זי זיך אַרומגעקוקט און דערזען דאָס ווינקל:

— גאָט מיינער, ווען דאָס קינד וואָלט איצט געווען אין הויז. מיט די אייגענע הענט אים אומגעבראַכט...

ס'האָט אַזש געשטאָכן איר אין קאָפּ. פאַר די אויגן האָט זיך איר אַ ווײַלע אויסגעמאָלט אַן אומבאַשטימט, ווייט און שרעקלעך פּלאַץ — און דער זון איז דאָרטן פאַרוואָרפן. זי איז געשטאַנען מיט שוואַ- כע, געבראָכענע קני אָנגעשפּאַרט אין דער אָפּגערוקטער שאַפע, אַראָפּ-

געקוקט צו דר׳ערד אין ווינקל און די פּלוצלונג-אָנגעקומענע יסורים האָבן זי אינגאַנצן דורכגענומען: דאָ-אָ וואָלט דאָך דער זון געקאָנט זיצן פאַרשטעלט, באַהאַלטן פון די שונאימס אויגן ווער ווייס ווי לאַנג. און זי, די מאַמע, וואָלט זיך אַלעמאָל פאַרגנבעט, גערעדט מיט אים, געגעבן אים עסן פון די אייגענע הענט, און געטרייסט, אַ גוט וואָרט געזאָגט. פאַרנאַכט—איז פאַרהאַקט די לאָדן, מ׳קייטלט-צו די טיר, זיצט ער שוין ביים טיש גלייך מיט אַלע קינדער. וואָס-זשע האָט זי געטאָן? פאַרוואָס האָט זי אים אַוועקגעלאָזט?...

אין די ערשטע פּאָר טעג האָט איטע פון אירע פאַרדרוסן שרעקלעך געליטן. דער געדאַנק וועגן ווינקל האָט זי נישט אָפּגעלאָזט. פאַרטאָן אין דעם באַהאַלטענעם אָרט, ווי אין אַ טייערן אידעאַל, אַ ישועה, האָט זי געמוזט אומבאַדינגט האָבן דעם זון אָט-דאָ, נעבן זיך. זי האָט אין דער פאַנטאַזיע זיך אַרומגעטראָגן פון איין געדאַנק צום צווייטן זיך פאָרגעשטעלט, ווי אַזוי זי וואָלט פאַרבראַכט מיטן זון ווען ער וואָלט נישט אַוועק, און נישט געקענט זיך מוחל זיין; אַזאַ נאָענטע, באַקאַנטע זאַך, ווי דאָס ווינקל, און די גאַנצע צייט עס פאַרזען. האָט זי געהאַלטן די טיר פון הינטערשטן צימער פאַררוקט, געלאָזט די שאַפע אָפּגערוקט — און דאָס מיסט אין ווינקל איז געבליבן ליגן. וואָס טוט מען? ווי פאַרריכט מען דעם טעות? מיט פאַרלייגטע הענט אויף דער ברוסט, דאָס פּנים פאַרכמורעט, האָט זי זיך אַרומגעדרייט אַהין-אַהער איבערן צימער, אַלעמאָל געקניפּן די באַקן און אַזוי געבראָכן די פינגער, ווי פון יאָרן-לאַנג פאַרשפּאַרטע פאַרברעכער אין שעהן פון אומענדלעכער פאַרצווייפלונג. האָט זי געהערט אַ קלאַנג, איטע, אַ קול, האָט זי אויפגעציטערט, ווי פון אַ שווערן חלום, אַרויס מיט אַ בלאַסן געזיכט אין צווייטן צימער, און גאָר דערזען:

— נישט דער זון רופט זי, נאָר גאָר אַן אַנדערער.

— איטע, ווו ביסטו פאַרפאַלן געוואָרן? מ׳אַרבעט אָפּ אַ טאָג, מעג מען דאָך עפּעס נעמען אין מויל אריין!

— האַ? ווו כ׳בין פאַרפאַלן געוואָרן, פרעגסטו?...

זי האָט געמאַכט עסן. האָט געריבן דעם רעטעך מיט ציטערנדיקע הענט, און מיט די אויגן געבלאָנדזשעט איבער אַלצדינג, און גאָרנישט געזען. ווו איז איצט איר זון? זי האָט געטראַכט פון אַ שטיל,

יידיש שעפעלע, צווישן גויִים, אין דער פרעמדער ווייט, זיך פאַרגעשטעלט, וואָס דאָס „שעפעלע" טוט איצט, און אַלעמאָל אונטערגעטראָגן דאָס פאַרטוך צו די אויגן:

— אַז ווײ דער מאַמען.

אויפן דריטן טאָג. פאַרנאַכט. זיצנדיק אַזוי מיט מאַן און קינדער ביי וועטשערע, האָט די מוטער אַלץ געקוקט דאָ אויפן פּערצן־יאָריקן שלמהן, דאָ אויף דער עלטערער טאָכטער, און פּלוצלונג האָט אַזאַ בענקעניש זיך אין איר אַ צעגאָס געטאָן, אַז אין צימער איז אַלץ געוואָרן נישטיק און פאַרדריסיק. ווי אַזוי קענען די מענטשן זיין אַזוי הפקר־דיק־גלייכגילטיק צו אַזאַ אומגליק? זי האָט זיי אָנגעקוקט מיט ווייטיקן. ס׳האָט פאַרדראָסן וואָס אַזוי רויִק זיצט זיך איר בערקע מיט די בעל־מלאכהש־פאַרלאָזענע, מיאוסע, שווארצע פינגער און עסט און שווייגט, ווי ס׳פעלט אים גאָרנישט: וואָס די קינדער פּלאַפּלען פוסטע, נאַ־יִשע רייד און רעדן נישט פון לייבעלען. — און דאָס מאָנאָטאָנע קלאַפּן פונם אַלטן וועק־זייגער איז איצט אַזוי צו־להכעיסדיק, פרעכער ווי אַלעמאָל.

די טאָכטער האָט אַראָפּגענומען פון טיש. איטע איז געבליבן שטיין מיט די בליקן אויף בערקען, און אומצופרידענער און בעטנדיק געזוכט עפּעס ביי אים. זינט לייבל איז אַוועק איז דער מאַן געוואָרן שטיל, פאַרשוויגן, און דערמאָנט אַפילו נישט זיין נאָמען. פאַר וועמען־זשע פּאָרט זאָל זי אויסגיסן איר הארץ? אומעטום, אין די שטיבער, אין די גאַסן, רעדט מען פון דער וויסטער מלחמה. און ער — ס׳זאָל אים עפּעס אָנהויבן אַרן...

— בערקע, — האָט זי זיך פּלוצלונג אַרויסגעכאַפּט.

זי האָט געקוקט צע׳רעש׳ט, אַזוי משונהדיק צעטראָגן, ווי איינער וואָס הענגט איבער אַ שוואַך בריקל, וואָס דאָס פאַרפלייצונג־וואַסער האָלט שוין אָט־אָט אין אַרונטעררייסן. ווו טוט מען זיך אַהין?... דער מאַן האָט געקוקט אויף איר מיט פרעגנדיקע אומפאַרשטענדלעכע בליקן.

— קום נאָר אַהער, בערקע, זע נאָר עפּעס.

זי איז געגאַנגען פאָרויס, און ער נאָך איר. האָט זי אים צוגעפירט צום ווינקל, אַ וואָרף געטאָן אַהין מיט אַ פינגער, און אַ גרויסער צער האָט זיך אויף אים אַ גאָס געטאָן:

— זעסט, בערקע? אָט דאָ האָט געדאַרפט זיין אונזער זון — נישט דאָרטן.

— וואָס רעדסטו? — איז ער געבליבן שטיין צומישט. — כ׳פאַר־שטיי נישט, וואָס הייסט, „דאָ״?

— זעסט נישט? אַז מ׳שטעלט צו די שאָפע צוביידע עקן וואַנט, בלייבט נאָך אַזאַ ליידיק פלאַץ...

איצט האָט שוין בערקע געכאַפּט דעם איינפאַל. אַ מאַן, אָבער,— האָט ער אָנגעקוקט דאָס ווייב פאַרחידושט און מיטפילנדיק, און נישט פאַרגעסן די ווירקלעכקייט:

— וואָס קאָנסטו דען טאָן, איטע? ס׳איז דאָך פאַרפאַלן!

זי האָט זיך אָבער נישט נאָכגעגעבן. פאַרקערט: ביז איצט האָט זי זיך געפילט שוואַך און הילפלאָז. אָבער איצט — נאָר אַרויסגעזאָגט איר ווונטש, האָט זי זיך דערפילט עפּעס לייכטער און שטאַרקער. איצט איז עס שוין קיין סוד נישט — און מ׳דאַרף זיך עפּעס נעמען טאָן. נאָך מער: גלייך נאָך בערקעס ווערטער „ס׳איז דאָך פאַרפאַלן,״ האָט זי אויסגעקרומט די ליפּן, מיט פאַרדרוס:

— אַזוי דוקא? און איך זאָג, אַז ס׳איז נישט פאַרפאַלן. ווע׳מיר שוין זען!...

און איטע איז געוואָרן ביי זיך זיכער, אַז זי וועט האָבן דעם זון צוריק מיט זיך. אין האַרצן האָט שוין אַפילו ווײַלעווייז אויפגעבליט אַ גליק־געפיל: אָט־אָט האָט זי אים צוריק אין דערהיים, לייבלען — אַך, ווי גוט ס׳איז איר! אַז זי האָט אָבער נישט געפינען די ריכטיקע עצה, האָט זי זיך געכעסט אויף איר „קאַלטן מלאך״, וואָס דרייט זיך אַרום ווי אַ נעכטיקער און ס׳אַרט אים גאָרנישט, געוואָרן עקשנותדיק צערייצט, און באַשלאָסן איינמאָל פאַר אַלע מאָל: דער זון מוז זיין מיט איר.

אויף מאָרגן, ביי טאָג, אַז שלמה איז אַהיימגעקומען פון גאַס, האָט זי אינאיינעם מיטן „אָנבייסן״, אוועקגעלייגט אויפן טיש אַ ווייס בויגעלע שרייב־פּאַפּיר.

— ווילסט שרייבן אַ בריוו צו דיין ברודער, שלמהלע?

— יאָ, מאַמע.

און אַז ער האָט נאָר אָפּגעגעסן, האָט ער זיך טאַקע שוין גע־כאַפּט צו דער פעדער:

— וואָס זאָל איך אים שרייבן, מאַמע?

זי האָט צוגערוקט אַ בענקל נאָענט צום בחור, און זיך אוועקגע־זעצט. האָט אונטערגעשפּאַרט מיטביידע הענט די מאָרדע, צעשפּראַ־לעט קעגן בריוו־שרייבער מויל און אויגן — און נישט געפינען קיין ווערטער. עפּעס אַזוי פאַרטרויערט און צוטומלט האָט זי איצט אויסגע־קוקט, ווי אַ ים, עפּעס אַ גאַנצער ים מיט צער־געפילן האָט אויפגע־שטראָמט אין איר מיט אַ געוואַלדיק־שווערן דריק אָט פּונקט אונטערן האַרצן, און ס'איז איר שווער דעם ערשטן טראָפּן אַרויסצוגיסן... הכלל, ווי אַזוי זאָל זי אָנהויבן? ענדלעך האָט זי געפינען דעם וועג, און אָנגעצייגט מיט אַ פינגער אויפן בויגעלע:

— שרייב, שלמהלע, אַז די מאַמע בעט, ער זאָל וואָס גיכער קומען אַהיים.

— אַהיימקומען? — האָט אויפגעכאַפּט דער מאַן דורך דער אָפע־נער טיר, און זיך צושריגן זיצנדיק אויפן שוסטער־בענקעלע ביים וואַר־שטאַט. — וואָס־זשע, איטע, ס'פעלן דיר צרות? ווילסט אי זיך, אי אים אומגליקלעך מאַכן? —

איטע האָט זיך צעמישט. די הענט אונטער דער מאָרדע האָבן זיך אָפּגעלאָזט, און זי האָט אַ קוק געטאָן צום מאַן. וואָס האָט ער זיך אַריינגעמישט אינמיטן דערינען? איר זון איז שוין אַזוי נאָענט: אָט שטרעקט זי שוין אויס אירע ציטעריקע הענט צו אים, — קומט אַ שונא און פאַרוואַרפט אים ווידער אַזוי ווייט, ווייט...

— בערקע, וואָס ווילסטו האָבן פון מיין לעבן.

דער מאַן איז אַריינגעקומען. ער איז צוגעגאַנגען נאָענט צום טיש, זיך איבערגעבויגן קעגן ווייב, און איר געגעבן צו פאַרשטיין, וואָרנענדיק מיטן צייג־פינגער:

— דיינע ווערטער זענען פאַרן זון אַ סם־המות, איטע. פאַר־שטייסט וואָס כ'רעד צו דיר? מיטן קייסער, זאָלסטו וויסן, שפּילט מען זיך נישט... ווען דו האָסט געלט, קויפסטו אים אויס. אַ נישט — וועט גאָרנישט העלפן. אָבער — באַהאַלטן אים? נאָכדעם, אַז מ'געפינט אים איז גאָר שלעכט. געדענק, איטע!

— מ׳עט נישט געפינען, בערקע. מ׳עט אים נישט געפינען...

— פאָלג מיך, איטע. ס׳איז גלייך ווי דו נעמסט דאָס קינד, און קוילעסט אים אָן אַ מעסער.

— און אין דער מלחמה איז בעסער? — — — — — — — — — — —

פאַר דער מוטערס אויגן איז אויסגעוואַקסן דער שיינער לייבעלע אין זיינע קינדער־יאָרן. אין אַ פּאָר מינוט האָט ער פאַרבייגעשוועבט אין אַלערליי חנעוודיקע פּאָזעס, שפּילערייען, אין פאַרשיידענע רייד, „חכמות פון אַ גרויסן מענטשן״, און איטלעכעס מאָל — מיט אַן אַנדער ליכטיקן שמייכל, מיט אַנדערע זיסע מאַניערן. איצט איז זי דאָך גע־בליבן ווי אויף הפקר, כמעט אַליין! וואָס פאַר אַ ווערט האָבן אַלע אירע קינדער קעגן דעם איינעם ליבן לייבעלען?... און בערקע איז געשטאַ־נען קעגן איר ווי אַ פאַרגליווערטער, געקוקט אַפּאַטיש אויף זיין ווייב, און טיף אינעווייניק האָט זיך עפּעס אומרויִק געכוואַליעט אין אים. פּלוצלונג האָט ער זיך אויפגעטרייסלט:

— ניין! ווועסט נישט שרייבן, זאָג איך דיר!

ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס בויגעלע פּאַפּיר, עס צוקנייטשט, און זיך געלאָזט צום צווייטן צימער.

אַ קוויטש, ווי פון אַ פאַרווונדעטע חיה, האָט אין צימער אויפ־געהילכט. שלמה האָט זיך אויפגעהויבן דערשראָקן, און איטע איז גע־בליבן שטיין מיטביידע הענט אין דער לופטן. טרערן האָבן איר גע־שטיקט. אַן אויפגערייצטע און באַליידיקטע האָט זי נאָכגעקוקט דעם מאַן אין די הענט אַריין, אַקוראַט ווי עפּעס אין וואָס ס׳האַלט זיך איר גאַנצע אָרימע נשמה, איר שיקזאַל, וואָלט דאָרט ליגן מיאוס צונויפגעצ־פּרעסט... זי איז צו געפאַלן מיטן פּנים צו דער דערבייאיקער אויוון־וואַנט, און זיך צווויינט.

פון דאַן אָן איז די וואַנט געוואָרן טיפער.

בערקע האָט געמאַכט סקאַנדאַלן, דערמאָנט, אַז ער איז אַ טאַטע, און געוואָרנט שלמהן און די עלטערע טאָכטער, אַז זיי זאָלן צו לייב־לען פון אַהיימקומען נישט שרייבן אַ וואָרט. און איטע איז געוואָרן אויס מענטש. זי איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרמרה־שחורהטע, ווי אין פאַר־שטויסענער איינזאַמקייט, געקוקט אויפן מאַן ווי אויף אַ שונא פון איר קינד, און מיטאַמאָל דערזען אויף אים אָן אַ שיעור מיאוסע תנועות;

זי האָט מיט כּעס געטריבן פון זיך די קינדער, און בשום אופן זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז זי אַליין האָט זיי אויסגעטראָגן...

— וואָס וועט זיין? וואָס טוט מען מיט אַ בריוו?

זי האָט שטילערהייט אַריינגערופן די טאָכטער אין הינטערשטן צימער:

— טאָכטערניו, אי—ך בעט דיך, האָב רחמנות אויף דיין מאַמען. שרייב אָן די עטלעכע געציילטע ווערטער צו דיין ברודער.

האָט דאָס מיידל אָפּגעזאָגט:

— נו, און וואָס וועט דער טאַטע זאָגן? ווייניק איז אין הויז אָן איבערקערעניש?

— אפשר זאָל זי גאָר אַריינגיין צו די שכנים? —

— ניין, דאָס נישט. מ׳קען היינטיקע צייטן די מענטשן געטרויען? און נאָך אַזאַ סוד! —

— וואָס-זשע וועט זיין?

זי האָט קיין עצה נישט געקאָנט געפינען. איז זי געוואָרן אַלץ מער פאַרצער׳ט, פאַרבענקט, און אַרומגעגאַנגען גאַנצע טעג פאַרטראַכט.

ביי טאָג. איטע שטייט אין קיך און שיילט קאַרטאָפל. פונם פאָדערשטן צימער הילכן קלעפּ פון שוסטערס האַמער. זי קוקט דורך דער אָפענער טיר צום מאַן, און דרייט זיך און קנייטשט זיך נערוועז, ווי די שטיפטן זיינע וואָלטן זיך רוקן גלייך צו איר אין קאָפּ אַריין. פּלוצלונג לייגט זי אַוועק דאָס מעסער, לאָזט איבער דעם טאָפּ מיט וואַסער מיט די רויע קאַרטאָפל, און לויפט אַוועק אין הינטערשטן צימער. דאָרט זעצט זי זיך אַוועק אַנטקעגן ווינקל, פאַרלייגט די הענט אויף די ברוסט, און קען זיך אַ היבשע צייט נישט אָפּרייסן פונם אָרט, ווי דאָ וואָלט איצט געזעסן דער זון אַליין, און זי מוז אַלעמאָל אים זען און רעדן צו אים.

און ביינאַכט, אַלע שלאָפן, כאַפּט זי זיך אַלעמאָל אויף. ס׳דאַכט זיך איר עמיצער שרייט „מאַמע”. לויפט זי אַראָפּ מיטן הוילן נאַכטהעמד צו דער טיר, צו די פענסטער, און אַז זי זעט קיינעם נישט, דערפילט זי זיך ווי אַנטוישט. זי דערמאָנט זיך אין הינטער-צימער, און ס׳טוט איר עפּעס אַ ציי. אין שטוב איז פינסטער. דאָס ווינקל מישט זיך אויס אין דער געדיכטער שוואַרצקייט, אָטעמט מיט דער זעלבער

נאַכטיק-מוראַדיקער פֿאַרשוויגנקייט ווי די איבעריקע טונקעלע שטוב-ערטער, און לאָזט זיך נישט באַמערקן. די מוטער טאַפּט די ליפּט ווי אַ בלינדע, און שפּאַנט גלייך צו צום ווינקל:

— מיין זון...

איז שוין בערקע געוואָרן, ווייכער. אין די בלויע פֿאַרטאָגן קוקט ער זיך אום צו איר אין בעט, און בעט זיך: „ביז ווען, איטע? שלאָפסט נאָך אַלץ נישט? וועסט דאָך, חלילה, אַראָפּ פֿון זינען." אָבער פֿון אזא פֿראַגע ווערט זי צערייצט, און זי וויינט, פֿאַרוואָס דער זון אירער האָט נישט קיין טאַטן מיט אַ האַרץ, ווי ביי לייט. איצט בענקט זי נאָך מער נאָך דעם, וואָס זי האָט אויף אייביק פֿאַרלוירן: אַזוי גרינג גע-קאָנט אים ראַטעווען, און ער, דער מלאך-המות אין שטוב, האָט נישט געלאָזט.

— יאָ, דער אייגענער טאַטע האָט דעם זון אָפּגעקוילעט.

און פֿון טאָג צו טאָג גייט די מוטער פֿון די כוחות. די האָר — גרוי געוואָרן, דאָס פּנים — אין קאָרטשן, און אַזוי קוקט זי זיך אויף-יעדן אַרום, ווי זי וואָלט פֿרעגן: „וואָס האָט איר געהאַט צו מיר, לי-בע מענטשן? כ'טשעפּע עמיצן? וואָס וואָלט אייך אַרן, ווען איך האָב אים?" — קומט אָן אַ בריוו פֿון לייבלען איז זי גליקלעך: אָט-אָט וועט זי הערן, אַז ער קומט. ביי די לעצטע ווערטער, אָבער, פֿון בריוו גע-זעגנט זי זיך מיט אים, און איז זיכער, אַז דאָס איז די לעצטע בריוו זיינע — טייערינקער...

האָט זי נאָכדעם גענומען איר בעט, צוגעשטעלט עס נעבן ווינקל, און די שאַפע אַביסל אָפּגערוקט. כאַפּט זי זיך אויף ביינאַכט, זוכט עפּעס, און צום סוף קוקט זי זיך אום צום ווינקל, און בלייבט זיצן אויפן בעט, ווי פֿאַרשטאַרצט. באַלד ליגט זי שוין מיטן פּנים אַרויף, און שמייכלט אַזוי הנאהדיק קעגן זיך, ווי איר האַרץ-פֿריינט וואָלט דאָ נעבן איר שטיין און זי וואָרים געצערטלט:

— לייבעלע... וואָס טוסטו?

און זי ענטפֿערט זיך אַליין:

— געבענקט נאָך דער מאַמען, ליבער?

אַזוי ליגט זי פֿאַרטראָגן אַ לאַנגער צייט. לייבל דערציילט איר פֿון דער ביטערער מלחמה, ווי יידישע קינדער מוטשן זיך, ווי שווער

ס׳איז אים געווען די „דינסט״ נאָכדעם דאָס שלאַכט-פעלד; און די מאַמע האַלזט אים, קושט אים, און האַלט זיין קאָפּ אין אירע הענט און באַטראַכט די אויסגעגאָסענע בלייכקייט אויף זיין געזיכט. אַך, ווי זי וועט דאָס דאַרע פּנים אויספּילן! ווי זי וועט דאָס מאַכן רויט און געזונט! און, מיט גאָטס הילף — די גויים וועט ער שוין מער נישט אָנקוקן...

און אַמאָל ביים טיש, ביים עסן, קוקט בערקע אויף זיין ווייבס פּנים, און ציטערט: „ווען וועט שוין פאָרט נעמען אַ סוף צו דעם ווינקל, איטע?״ פאַרשטייט זי נישט זיין פראַגע און פילט זיך גע-קרענקט: ווי קאַלט אַ טאַטע קען זיין! — זי דערמאָנט זיך אָן די ביי-נאַכטיקע איבערלעבענישן, אָן בילדער פון ליבן זון, און פּלוצלונג דאַכט זיך איר, אַז אַזוי וועט שוין זיין אַלעמאָל, און זי ענטפערט:

— האַ? דאָס ווינקל? — ס׳עט שוין זיין דער מאַמעס נחמה אויף אייביק.

# הינטער דער וואַנט

דאָס חיל האָט זיך געצויגן איבערן וויסטן שלאַכט-פעלד. אין לאַנגע, גלייכע רייען האָט די אַרמיי געשפּאַנט מיט שטאָלצע, אין טאַקט אַוועקגעשטעלטע טריט, און דאָס האַרץ איז נאָכגעגאַנגען מיט אַזאַ אומרו, פּונקט ווי דאָס מורהדיקסטע, וואָס דער מענטש וויל אַזוי נישט צולאָזן, וועט אָט באַלד, באַלד צוקומען. אַקסל צו אַקסל האָט די אַרמיי געשפּאַנט, אָבער מיט שוואַכע, מידע קני. מ׳האָט פאַרמאַטערטע געקוקט פאָרויס, און פאַר די אויגן זענען געשטאַנען די שרעקלעכע בילדער פון אומקום. פונדעסטוועגן איז אויסגעקומען מאָדנע: אַלע הערצער — מיט איין געשריי:

— מיר מוזען פאַרניכטן דעם שונא! — — —

ס׳איז צו די נאַכט. אַ טויט-שטילקייט האָט אַלץ אין אַלעמען צוגעדריקט. דאָס איז געווען איינע פון יענע טיף-פאַרשטילטע נעכט, וואָס קומען פאַר אַ מוראדיקן שטורם-אויפברויז. ס׳ווערט דעמאָלט דעם מענטשנס פאַנטאַזיע אַזוי צעהיצט, אַזוי שאַרף אָנגעצויגן, און קרענקלעך אין אַזוינע משוגענע פאָרשטעלונגען אַריינגעלאָזט, אַז אָט פּלאַצט דער מוח. די מידע סאָלדאַטן האָבן, אין דער אויפרעגנדיקער, מיט אימה אָנגעפילטער שטילקייט, זיך גענומען טומלען אין זיך, דערפילט די גאַנצע גאָרנישטקייט פונם אָרימען מענטשן-מין, און מיטן אומרו אינעווייניק, זיך דערווייל אַראָפּגעלאָזט צו דער מוטער-ערד:

— אַ דאַנק דיר, טייערע מאַמע, וואָס מיר קענען אונזערע אויסגעמאַטערטע, זינדיקע אברים אויף דיין לייב אָנשפּאַרן...

מ׳האָט זיך אויסגעלייגט איבערן ברייטן פעלד, אין דער שטומקייט פון דער נאַכט. שרעקנדיקע פאָרגעפילן, בענקענישן און פאַרדרוסן האָבן זיך דורכגעמישט, און פאַרפּלאָנטערט אין בייזע חלומות אויפגע-

גאַנגען: פון דאָ און דאָרט האָבן זיך אַ ווײַלע טענות, קלאָג-ווערטער דערטראָגן: און באַלד זענען אין טונקעלן הלל זיך צעפאַלן די לעצטע געראַנגל פון די צעשפּרייטע גופים. טויט-מיד — איז מען באַלד איינגע- שלאָפן:

— ש-ש-ש... שטיל אַרום... אַ פאַרמאַטערטע וועלט רוט...

צווישן די שלאָפנדיקע אויפן שלאַכט-פעלד, איז געווען זלמן פינקל. ער איז געלעגן מיטן לאַנגן פנים אַרויף. מיטן שטערן אויפגע- צויגן און פול מיט קנייטשן, מיטן מויל ברייט צעשפּראָלט, און מיט די אויגן אויפגעריסן און ווילד אויסגעשטאַרצט, האָט ער אויסגעזען, ווי ער גראָבט זיך דאָ אין דער טיפער נאַכט-פינסטערניש עפּעס גלאַט אַזוי, צוליב משוגעת. עפּעס האָט ער אויסגעקוקט יאָ מענטש—נישט מענטש. דער קאָפּ האָט זיך געדרייט אַהין-אַהער, אין דער פאַרטראַכט- קייט זיך אַלע מאָל געררוקט אַרויף-צו און עטוואָס אונטערגעהויבן, און דאָ נאָך מיטן לאַנגן פנים — האָט עס אויסגעקוקט, ווי עפּעס אַ קאָפּ פון אַ משוגעהדיקער חיה קריכט דאָ פון סאָלדאַטן-שינעל אַרויס. דאָ האָט דער מענטש ביסלעכווייז זיך אויפגעזעצט און זיך אַרומגע- קוקט:

— וואָס-זשע זאָל איך פאַרט טאָן?

ער האָט געקוקט מיט פאַרבענקטע בליקן אין דער טיף אַריין. נישט ווייט ערגעץ האָט אין דער פינסטערניש בלאַס אַרויסגעקוקט ווי אַ ברייטער, ווייסער פאַרהאַנג. זלמן האָט אויסגעשטעלט אַהין נייגי- ריקע, טריבע אויגן, און זיך געכאַפּט מיט פרייד, אַז דאָס איז אַ וואַנט פון אַ חורבה. דאָס איז דאָך די זעלבע וואָס ער האָט באַגעגנט אין אָוונט! לעצטן אָוונט, אַז זיין ראָטע האָט פאַרביימאַרשירט די וואַנט, איידער מ׳האָט זיך דאָ אָפּגעשטעלט, האָט ער איר אַלץ נאָכגע- קוקט, נאָכגעקוקט, און פּלוצלונג האָט אים אַזש אַ שניט געטאָן אין קאָפּ:

— מ׳קען דאָך זיך דאָרט באַהאַלטן... און — אַהיים!...

שטיל.

ס׳האָט די ביינאַכטיקע פעלד-לופט זיך אָנגעפילט און געאָטעמט מיט די שאַרפע, שטיקנדיקע ריחות פון די מידע, שווייסיקע לייבער: וויברירט פון די אויפקרעכצן פון די טויט-אויסגעמאַטערטע, ברודיקע און צעבראָכענע מענטשן: און אויפגעהערט פון ציטעריקע ליפן אָפּ-

קלאַנגען פון טרויער און שרעק חלומות. מאָדנע, צעדרייטע בילדער האָבן זיך איצט געפּלאָנטערט אין די שוואַכע מוחות. די גליקלעך-אומגליקלעכע גופים האָבן זיך געקאָרטשעט, געדרייט פון זייט אויף זייט, און פון די פּנימער זייערע האָבן אַרויסגעקוקט די סמנים פון די שווערע טעג.

דער סאָלדאַט פינקל האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף אַן עלנבויגן:

— וואָס טוען זיי איצט אין דערהיים?...

זייט ער איז אַוועק אין דינסט, ציילט ער אַלץ די טעג און שעהן, און לאָזט נישט אָפּ די היים. ביטער מזל! פאַרלאָזט טאַטע-מאַמע אין טרויער, איבערגעלאָזט די ליבע שיינדל זיינע, און אַוועק אין פייער. וואָלט מען כאָטש פריער געוווּסט! מ׳וואָלט דען באַשטימט דעם טאָג פון דער חתונה?... דורך טויזנטער וועגן ראַטעווען זיך אַזוי פיל מענטשן, און ער — אַפילו נישט נאָכגעטראַכט: מ׳האָט באַשטימט דעם טאָג מיט אַזאַ גדולה, און אַז די צרה איז הינטער די פּלייצעס איז גאָר קיינעם נישט איינגעפאַלן. און... מאָרגן — מאָרגן איז דער חופּה-טאָג.

— אפשר, אַ שוואַרצער? — האָט עפּעס פאַרטשעפּעט דעם מוח.

דאָס לייב האָט קאַלט אַ שוידער געטאָן. עפּעס ווי אַ רייסנדי-קער ספּירט איז שאַרף און קרעפּטיק אין אים אויפגעגאַנגען, און דער מענטשן מיר געמאַכט. ס׳איז אים אַזש שווער געוועזן אויפצוכאַפּן אַ קלאָרן געדאַנק. אַז די רויט-צעהיצטע אויגן האָבן איצט ווידער דער-זען, אַז די וואַנט בלאַסט זיך, קוקט פון ווייטנס, האָט נאָר עפּעס אַ ברען געטאָן אינעווייניק, אָנגעזאָגט, אַז אַ גאולה איז נאָענט, און ווייטקייטן זענען פאַרווישט געוואָרן. פאָרזיכטיק האָט ער ווידער זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד, און זיך איבערגעדרייט אויפן בויך. איצט האָט ער קוים-קוים אונטערגעהויבן דעם קאָפּ און, קאָנטראָלירנדיק די אברים, זאָלן אַ מינדעסטן שאָרך נישט לאָזן הערן, האָט ער דורכגע-שפּיאָנירט די וואַך.

— דאָרטן-אַרום איז דער בעסטער וועג—דרייען זיך צוויי מחבלים...

— דאָרט: צו פיל פאַרלייגט...

— ווייטער: די פּאַלאַטקע פון די אָפיצערן... שלעכט.

און — שווער צו באַגרייפן! די לעצטע מינוטן האָט ער אַזוי שרעק-

לעך — אומרויִק געציטערט און זיך געמישט, און פונדעסטוועגן האָט ער איצט פאַרמאָגט אַזאַ אומגלויבלעך־דורכדרינגנדיקן חוש פון פאָרזיכטי־קייט, אַז ס'איז אים לייכט געווען, נאָכן ערשטן בליק ערגעץ אין דער טונקל, שוין צו וויסן, ווו און וואָס ס'זענען די געפאַר־שוועריקייטן. און פּלוצלונג האָבן די אויגן אויפגעשיינט:

— אָט מיט יענער סטעזשקע...

ער האָט אָנגעצויגן די בליקן אין דער טיף. האָט זיך אַרומגע־קוקט אין דער טונקל, און אונטערגעהויבן דעם קערפּער אויף אַלע פיר. האָט אָנגעהויבן קריכן.

— אַהער!... שנעלער!...

די וואַנט האָט געצויגן מיט גבורה.

שטילערהייט, מיטן אָטעם אין זיך, האָט פינקל זיך דורכגעשניטן אַ וועג צווישן די צעשפּרייטע, שלאָפנדיקע סאָלדאַטן, זיך רוקנדיק אויף הענט און קני. ס'איז אים אויסגעקומען צו קריכן אין אַ מאָדנע־פאַרדרייטן וועג. כדי אויסצומיידן די וואָך האָט ער אַלעמאָל זיך אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט, זיך אויסגעצויגן פלאַך און נאָכגעשפּירט מיט אַלע חושים דעם אַרום, ווי דער באַהאַלטענער הונט אין די גראָזן אויפן יאַגד, און דער האַלז איז לאַנג געוואָרן:

— קיינער? — — —

— אַ פעלד מיט מענטשן־בערגלעך... מאַט־איינגעשלאָפענע, מאַכט־לאָזע וועזנס... ס'איז גאָרנישט...

ער איז געקראָכן ווייטער, דער גרויסער בלייכער פונקט פון ווייטנס האָט זיך אַלץ מער דערנענטערט, צוגעזאָגט אָן אַ שיעור גליק, און מיטן לאָזן הינטער זיך די סאָלדאַטן און דעם וואַך איז געוואַקסן די זיכערקייט.

— אָ, גאָט!...

פינקל איז געבליבן ליגן נעבן דער וואַנט.

אַן אָפּגעשוואַכטער פון שרעק און אָנשטרענגונג, האָט ער זיך נאָכדעם צוגעשאַרט הינטער דער וואַנט. ער האָט פרייער אָפּגעאָטעמט. אין קאָפּ האָט זיך אַלץ געפּלאָנטערט:

— מאָרגן איז דער גרויסער טאָג...

אַ סצענע פול מיט גלאַנץ האָט געפינקלט פאַר די אויגן, און זיך

אויסגעשפרייט, ארומנעמענדיק אים ווי מיט אַ כּישוף. אַ שטראַלנדיקע, מחיהדיקע פרייד איז אין האַרצן זיך צעוואַקסן... ער האָט אינגאַנצן פאַר־לוירן דעם זין פון ווירקלעכקייט... ליכטיק, ריין און פול מיט גדולה איז זייער קליינע שטוב איצט. פון גאַנץ פרי אָן קומען אַלץ פריינט און היימישע אים באַגריסן און ווינטשן מזל־טוב: קומען אַרויס פון זייערע מיילער אַזוינע מענטשלעכע, אַזוינע האַרציק־געטרייע ווערטער, און אַלע קוקן אויף אים אַזוי ליב, אַזוי מחיהדיק־גוט, אַז ער דריקט זיי, די אַלע פריינט, צום האַרצן־צו, אַזוי־אָ קוקנדיק אויף זיי פון ווייטנס... אין אַ נייער, גליקלעכער וועלט גייט ער איצט אַריין... אַך, גאָט, אַזאַ גרויסער טאָג! ער האָט דאָך שוין פריער זיך פאָרגעשטעלט דעם קו־מענדיקן, אויסדערוויילטן יום־טוב־טאָג: אָבער — אַזוי שיין?...

— ווען־זשע וועט ער שוין מעגן זען זיין שיינדעלען? אָ, היי־ליק בילד! — — —

ער האָט אויפגעהויבן צו איר די הענט — און דערפילט די ווירק־לעכקייט. אַ בלייענע כמאַרע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט:

— וואָס טוט מען?...

און אַן אומרויִקע בענקעניש האָט גענומען מאַטערן: ער מוז זיין אין דערהיים! ער מוז!... ער געדענקט דען נישט זיין נשמה־ציטערניש אין יענעם הייליקן פאַרנאַכט, ווען מ׳האָט באַשטימט דעם חופה־טאָג? נו, און דעם אָוונט אין וועלדל, היגטערן שטעטל, ווען זי האָט אים דעם ערשטן קוש געטאָן? און זייערע גליקלעכע באַגעגענישן שפּעטער, שוין אַלס חתן־כּלה?... וועט ער דאָס אַלץ צושטערן? וואָס־זשע וועט זאָגן זי, די טייערע נשמה, די תמימותדיקע? — — —

— אַהיים!...

ער האָט זיך ווילד אַ ריר־אויף געטאָן. מיט דער רגע, אָבער, האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ער דאַרף זיך אויסהיטן. ס׳איז צו די זי־כערקייט, אַז איצט איז ער געראַטעוועט. וואָס־זשע דאַרף ער איבזינגען האָבן? — אויסבאַהאַלטן זיך ביז ס׳וועט עטוואָס ליכטיק ווערן, און ער וועט זען דעם וועג: דעמאָלט וועלן „זיי" דאָך זיך לאָזן ווייטער — וועט ער אַוועק צוריק.

— טיפּ, טאָפּ...

טריט. מ׳קוקט, ווייזט אויס, נאָך: מ׳האָט דערהערט. יאָ, יענע

פיגורביים ברעג פון די אָנגעוואָרפענע שלאָפנדיקע, אויף דער זייט, שפּאַנט טאַקע אַרום מיט פּאַרדעכטיקע טריט. ער דערקענט דען נישט? אַ שפּאַן — שטיין געבליבן — און קוקט זיך אַרום. ציילט אָפּ נאָך צוויי־דריי — און גליווערט ווידער איין. וואָס שפּאַנט ער עפּעס אַזוי גרויזאַם־שטיל! און שטעלן שטעלט ער זיך אָפּ אַזוי פאַרשטאַרצט און טיף־ביי־גיריק, ווי ער וואָלט וועלן עפּעס אַ סודותדיקן שאָרך פון די ווייטנס אויסכאַפּן און פאַרשטיין. און — ווער ווייסט? האָט שוין אַ פּאָר מאָל אַ קוק געטאָן צו דער וואַנט, אפשר האָט ער אים דערזען?...

דער דערשראָקענער האָט זיך אָפּגערוקט צו אַן עק וואַנט. האָט זיך אַראָפּגעבויגן און געוואָרן אַלץ איינגעשרומפּענער. נאָר — וויסטע נאַכט פון שלאַכט־פעלד! אַז יענע פיגור איז אַ ווײַלע פאַרשוווּנדן פון די אויגן, זענען די שרעקן גאָר נאָך פיל שטאַרקער געוואָרן. דער אַוועקגעלאָפענער האָט נאָכזוכנדיק יענע פיגור, זיך אַלץ פאָרגעשטעלט: ווי אַזוי יענער שטייט איצט, וווהין ער קוקט, וואָס ער וויל טאָן, און — וווהין, אַ שטייגער, גייט ער איצט? אפשר צו אים? ס'קען דאָך זיין, אַז ער גנבעט זיך אונטער, און איז שוין נאָענט פון יענער זייט וואַנט — מ'קען וויסן?... ער האָט זיך אַ ריר געטאָן, זיך ווידער אויפגעהויבן אויף הענט און פיס, און, אַ פאַרציטערטער מיט יעדן אבר, צרויסגערוקט אַ שטיק קאָפּ פון הינטער דער וואַנט אַרויס:

— אַ סכנה?...

שטיל אַרום.

דאָס פּנים איז גלאַטער געוואָרן.

רבונו של עולם, — האָט זיך אין סאָלדאַט געהויבן אַ תּפילה, — זאָל שוין אַמאָל דער ליבער טאָג אויפקומען. זאָל ער שוין אַמאָל דער־לעבן צו זען ווי דאָס מיליטער איז פאַרשוווּנדן פון דאַנען, און דער שווערער גערויש פון די שווערדן און ביקסן, און פון די אַנדערע וואָפן און אַמוניציע, האָט זיך שוין איינגעשטילט אַרום. ווי דערלעבט מען עס שוין! אַך, גאָט, ווען ער זעט דאָס פּלאַץ דאָ ליידיק!... דאָרט אין דערהיים איז דאָך איצט יום־כּפּור — מ'הערט נישט אויף צו קלאָגן! וועט טאַקע זיין אַזוי שיין, ווען גאָר פּלוצלונג — זלמן איז דאָ! טייערע מיינע, די שטוב וועט דאָך ווערן פול מיט פרייד — אַ גן־עדן...

ביז ווען־זשע וועט זיך ציען די נאַכט? — — —

ער האָט זיך אַרומגעקוקט.

איז נישט בעסער צו אַנטלויפן איצט? — איז מיטאַמאָל אַריין אין קאָפּ. אין דער פינסטער איז מען ווי אין אַ באַהעלטעניש... אפשר אָבער וועט מען, מיטן אָנקום פונם מאָרגן-ליכט, אים דערזען?...

דער לעצטער געדאַנק האָט זיך אַריינגעריסן אַזוי גרויזאַם-וואָר-גענדיק, אַז פינקל איז באַלד געשטאַנען אויף די פיס, נרייט צום אַנט-לויפן. וואָס האָט ער זיך נישט געכאַפּט ביז איצט? ווי האָט ער זיך נישט אויסגערעכנט? ער זעט דען נישט בחוש, אַז מיטן אויפקום פון פרימאָרגן איז ער פאַרלוירן? נישט ווייט פון די סאָלדאַטן — אַ באַ-העלטעניש? וואָס טוט מען! וואָס טוט מען!...

שוין צייט! שוין! וואָס גיכער! — האָט די בענקשאַפט אונטער-געשטופּט.

ער האָט געפאָרשט די פינסטערע ווייטן.

אָט מיט דער זייט וועג זאָל ער פאַרשווונדן — גלייך מיטן פרייען פעלד... שנעלער!

ער האָט זיך אויפגעהויבן מיט פאַרדריקטע ליפּן נישט צו אָטע-מען, און אַרויסרוקנדיק דעם קאָפּ פון הינטער דער וואַנט, האָט ער אַ וואָרף געטאָן די בליקן אויף אַלע זייטן.

— איצט!

ער איז געלאָפן פלינק, צערודערט, און שווער געסאָפּעט. דאָ האָט ער זיך, אַזוי יאָגנדיק, געוומען שטאַרק ערגערן: האָט דאָך ערשט פריער געזען אַ ריכטיקן וועג — האָט אים שוין, דאַכט זיך, פאַרלוירן! פונדעסטוועגן איז ער געלאָפן ווייטער: אפשר וועט ער זיך אויסדרייען?...

ער האָט געמאַכט זיגזאַגן, אַלערליי פאַרדרייענישן, זיך געפּלאָנטערט, און זיך שוין מורא געהאַט אָפּצושטעלן. ס'האָט געבראָכן אונטער די קני, דער קערפּער האָט זיך צעבערענט, און געוומען שוידערן אין שוויס און אין פיבער — און די הענט האָבן זיך איבערנאַטירלעך-עקשנותדיק אַרומגעוואָרפן, מיטגעצויגן דעם קערפּער, און געקעמפט קעגן די שווערע אומקאָמפּראָמיסלעכע נאַטור-כוחות. אַ הייסע, געדיכטע פאַרע האָט געשטיקט אין האַלז, און די אויגן — בליצן.

און פּלוצלונג:

— וואָס איז דאָס? ווער זענען די? ווו קומען זיי אַהער? טייוול-

שע כוחות! ווער זענען די צעשפריימטע קערפּער־מאַסן דאָ? ווו בין איך? ווהין בין איך פאַרלאָפן!...

און — מאָדנע! אין אַזאַ מאָמענט פון צעטומלטקייט און פיינלעכער פּלאָטערניש, איז דוקא צו דאָס באַוווסטזיין פון דער אמתער לאַגע:

— איז נישט געלאָפן אין דער ריכטיקער זייט... אַ טעות... דאָ איז גאָר זיין אייגן פּאָלק... אומגליקלעכער גורל!...

און מיטן גאַנצן וועזן:

— צוריק!

— סטאָ־י! — האָט די לופט אויפגעציטערט.

ענטפער:

— לויפנדיקע, לויפנדיקע טריט.

— סטאָ־י! סטאָ — — י!...

און אַ ביקס האָט אָפּגעדונערט איין קראַך, און באַלד אַ צווייטן.

מיליטער האָט אויפגעוואַכט. פּנימער האָבן זיך געצויגן מיט שרעק נאָכפרעגנדיק וואָס ס'איז געשען, און אין די הערצער — פּאָר־בשורות פון וויי און צעשטערונג.

און ווו די קוילן זענען געפאַלן איז זלמן פינקל געלעגן מיטן פּנים צו דער ערד, הינטער דער וואַנט. ער האָט שווער געאָטעמט, און דער קערפּער האָט קאָנוווּלסיוו זיך געהויבן. דער רעכטער פוס איז געווען האַלב איינגעבויגן, מיט די פינגער פעסט איינגעקלאַמערט אין באָדן. און האָט מיט אַלע כוחות אונטערגעשטופּט דעם קערפּער, ער זאָל זיך רוקן ווייטער. און איין האַנט האָט זיך ציטעריק אויסגעשטרעקט פאָרויס —

— אַהיים־צו...

# אין קעלער

אין די שווערע טעג.

די נאַכט זענען דעמאָלט געווען אַזוינע צערודערטע, פאַרווײנטע, אָנגעלאָדן פול מיט פּחד; מענטשן זענען ביינאַכט נישט געשלאָפן. אַרומגעגאַנגען אויסגעמאַטערט און פאַראומערט, און פאַר די אויגן זענען אַרומגעלאָפן, ווי אין אַ חלום, בייזע, צעווילדעוועטע מענטשן און רוישיק-פריילעך זיך צולאָזט איבער די הייזער. און די טעג? — מ׳זאָל שוין גאָר באַהיט זיין! זענען אויפגעגאַנגען איבערן קליינעם, צעשראָקענעם שטעטל אַלעמאָל מיט שפּאָגל-נייע בשורות פון געפאַר און אומגליק, און געוואָרנט מיט פריש-אָנקומענדיקע גויעשע טריט. דער עולם האָט זיך גערוקט הינטער פאַרהאַקטע טיר און פענסטער:

— האַ״ ס׳איז נאָך גאָרנישט?...

— שטיל נאָך? ס׳איז שוין באַלד טאָג...

נאָכדעם האָט מען, מיטן אויפגאַנג פונם נייעם טאָג, באַקומען אַביסל מער מוט. מ׳האָט אָפּגעזוכט עפּעס ווינקלען, וואָס מ׳האָט קוים אַמאָל באַמערקט, און מיט די קעפּ אויף די ברוסטן, ווי שוואַכע אָפּגעלעבטע זקנים, איז מען געבליבן זיצן איינער נעבן צווייטן איינגעבויגן, פאַרגליווערט, און קוים מיטן לשון:

— נ-נו?...

אין דער לופטן האָבן זיך געטראָגן קלאַנגען פון אַ צווייטן פּאָגראָם.

רעדט מען און מ׳קלאָגט זיך:

— ווײ די יאָרן, אַזוי-אָ איינער נאָכן אַנדערן?

— וואָס טוט מען, מענטשן?...

און עמיצער פרוווט אויסרעדן דאָס האַרץ:

— ווער ווייסט? אפשר נאָר אַ קלאַנג?...

ערשט צוריק מיט עטלעכע וואָכן האָט מען אָפּגערייניקט די געפאַלענע פונם ערשטן פּאָגראָם. די ווונדן אין די לייבער שטייען נאָך פרישע. אמת, אַ טייל פאַרוואַקסן שוין; טיף אינעווייניק, אָבער, ווערן די ווייען נאָך שאַרפער: „אָ, גאָט, וואָס פון אונז איז געוואָרן!..." און דאָ רעדט מען שוין פון אַ נייעם פּאָגראָם.

— וואָס טוט מען?

פעטליורעס סאָלדאַטן זענען אַריין אין שטאָט.

דערזען די טויט־שטילע שטאָט, האָבן די אָנגעקומענע סאָלדאַטן־מחנות זיך אַזש ווילד אויפגעטרייסלט, אַזאַ האַרציקע גדולה האָט זיי פאַרפלייצט. די געזיכטער זייערע האָבן באַלד אויפגעגלאַנצט, זיך אָנגעצונדן און פאַרגאָסן געוואָרן מיט אַ היציקער, צעקאָכטער פריידרויטקייט און די מחנות זענען געוואָרן אומרויִק: „אָ־אָ, ס'ווייזט זיך שוין ווידער אַ זיג! אַ הוליע טאָן, ברידער!" האָבן די מענטשן אי אָנגעקוועלט, אי ס'איז אויפגעקומען אין זיי אַ ביטערער שפּאָט און עקל צו די נעבעכדיקע באַשעפענישלעך, וואָס זענען מיטאַמאָל זיך צעקראָכן אין די לעכער און געלאָזט די שטאָט פוסט.

— אין די קעלערס פאַרקראָכן, די הינטישע זין. כי־כי... געפינען אַ גוט באַהעלטעניש...

העלער זומער־פרימאָרגן. גאַסן זענען געוועזן אויסגעליידיקט, אָן רעש, אָן מענטשן, ווי אַ פאַרלאָזענע, פאַרחרובטע שטאָט — בלויז די שטומע הויז־חיות האָבן פון צייט צו צייט אויסגעשריען אין דער מוראדיקער שטילקייט אַריין זייערע קלאָגעדיקע קולות פון הונגער. דעמאָלט זענען אַריין די סאָלדאַטן. אַ הוראַ־געשריי ווי ביים פאַלן פון אַ שונאס פעסטונג, און דאָס מיליטער האָט זיך צעשפּרייט איבער דער שטאָט. מ'האָט רוישנדיק אַרומגעשפּאַנט און געזוכט אַ בעקעריי, אַ שפּייזקראָם, אַ שענק, אונטערצושפּאַרן אַביסל די כוחות. כאַפּטעסווייז איז מען געגאַנגען אַזוי איבער די גאַסן פריילעך און מיט הפקרדיקע געלעכטערס. אָבעד דערווייל האָט מען נאָך נישט גערויבט, נישט געשלאָגן — בלויז אַביסל זיך אַרומגעשפּילט מיט דער צעשראָקענער שטאָט אויף קאַטאָוועס; מיט העלצער און אייזן־שטיקער האָט מען, דערווייל, איבערן וועג בלויז די שויבן פון די הייזער אויסגעקלאַפּט, געהאַקט

צום טאַקט איבער טירן און שטאַכעטן און צעבראָכן די לאַמטערנס. אַמ האָט איינער שטאָלץ אויפגעהויבן אַ האַנט, און הויך איבער אַלעמענס קעפּ אויסגעשריען אַן אויפרייצנדיק זידל-וואָרט קעגן די יידן. באַלד האָבן עס אַלע אויפגעכאַפּט. ס׳האָבן זיך דערהערט קעגן די יידן פון אַלע זייטן בייזע אויסרופן, זידלערייען, די כאַפּטעס האָבן אויפגערוישט מיט גראָבע ווערטלעך און האַרציקע חוזק-געלעכטערס — און מיט דער וויל-דער הנאה איז געוואַקסן דער צאָרן.

אין די הייזער אָבער איז מען נאָך נישט אַריין:

— וואָס דאַרף מען זיך איילן? וואָס-זשע, זיי ווייסן נישט, ווו די זשידעס באַהאַלטן זיך?...

מ׳איז אַוועק איבער די שענקען. אַריין אינעווייניק, האָט די חיה אין מענטשן זיך שוין גענומען בונטעווען, און מ׳האָט באַלד צעהאַקט טיש און בענק. צו וואָס דאַרף מען דאָס? אין אַזאַ ברייטן מאַסן-יום-טוב קאָן מען דאָך זיך נישט אַוועקזעצן און טרינקען „צו געזונט״ גוט-מוטיק און געלאַסן ווי אין געוויינלעכע צייטן! שטעלט מען זיך אָפּ אין שענק אומגעדולדיקע, מיט רויט-צעגלאַנצטע פּנימער פון פרייד, מיט הויך-פאַררוקטע היטלען אויף די קעפּ, און די שוואַרצע, הפקר-דיק-צעשויבערטע טשופּרינעס וואַרפן זיך אַרום, ווי אין ווינט, און דערציילן פון אומגלויבלעכע, מיאוסע ליידנשאַפטן, וואָס די צוויי-פּי-סיקע בריאה קאָן אין זיך אַרומטראָגן. „העי! גיכער דעם ווין! וואָס קריכן זיי דאָרט, ווי די זשאַבעס!... עטלעכע סאָלדאַטן פּאָרקן זיך שוין אין קעלער און אין די הינטער-צימערן.

נאָכדעם: אָ-אָ, אַז מ׳טראָגט אַריין אין פראָנט-צימער עטלעכע פעסלעך און חברה דערשמעקט ווין! טומלנדיקע און לוסטיק אויפגע-לעבטע קריכט מען מיט אָפּגעזוכטע ליידיקע פלעשער איבער די אי-בערגעקערטע צעבראָכענע בענקלעך, און מ׳רוקט זיך איינער אין אַנדערן מיט אומגעדולדיקע הענט און פאַרטויבנדיקע געשרייען. איינער הויבט אויף דאָס פעסל און די אַנדערע צאַפּן אין די פלעשלעך אַריין: אָדער ווער ס׳טוט זיך אַ רוק אונטער, אַ בויג אַראָפּ, און ס׳גיסט זיך אים די משקה גלייך אין פּיסק אַריין. ס׳איז אַן אויסערגעוויינלעכע שמחה! הויבנדיק אין דער לופטן די רויטע פלעשער מיט ווונטשן: „צו אַ גע-זונטעלע, ברידער!״ „ערפּאָלג, טייערע חברים!״ און „דער האַר זאָל

געבן אַ געראָטענעם פּאָגראָם!״ זויפּט מען די פּעטע משקה און מ׳קוועלט אָן אויפהער.

נאָכדעם איז מען שוין גוט צעוואָרעמט. מ׳דערמאָנט זיך אָן די יידן און ס׳טוט מיטאָמאָל אַ קאָך־אויף דאָס פאַרשאָלטענע בייזע בלוט:

— נו, חברים, מאַרש איבערן שטעטל!

דערהערט ס׳גייען די פּעטלורצעס, האָט שייוועס די אלמנה פאַררוקט איר באַקאַליי־קלייטל, אַרויסגעלאָפן מיט דער פּערצן־יאָריקער טאָכטער אין הויף, און אַראָפּ אין קעלער.

די פּעטלורצעס האָבן שוין געהאַט אָנגעהויבן זייער אַרבעט. צו שייוועס אין קעלער אַריין האָבן זיך אַריינגעריסן עכאָס פון צעבראָכענעם גלאָזוואַרג, געפּעס און מעבלען. מוטער און טאָכטער האָבן זיך שטיל איינגעהערט: די מחנות שפּרייטן זיך איבער די גאַסן רוישיק און אומגעלומפּערט, ברעכן אויף די טירן פון די הייזער און קלייטן, און מ׳לאָמעט דאָרט און מ׳מאַכט חרוב מיט אַזאַ גייגיריקן חשק, אַז דער חורבן שטעלט זיך נישט אָפּ אויף אַ מינוט. און ווי זיי טומלען עס! אַלץ וואָס זיי טוען ווערט באַגלייט פון שאַלנדיקע, יום־טובדיקע קולות, וואָס רייסן זיך אַרויס, עפּעס ווי פון אַ מאַסע פון טויזנדער העלזער: „הי—י— —!... הי—הו— —!!!...״ אָט הערן זיך פון דאָ נישט ווייט אויסערגעוויינלעך־הויכע כריפּנדיקע געוואַלדן פון זויער־אויסגעווייקטע גאָרגלען אַפּנים, און פון אַ צווייטער זייט ענטפערט מען אָפּ פריילעך, לעבעדיק, ווי באַגריסידיק — און דערווייל מאַכט מען אַ תל פונם שטעטל. אייניקע דאָ דערבײַ האָבן שוין, ווייזט אויס, אָפּגעטאָן עפּעס וויכטיקס, זענען זיי אָנגעלאָפן מיט אַ צעפלאַמטער גדולה אָנצוזאָגן די פריילעכע בשורה צו די אַנדערע חברים, וואָס קווענקלען זיך נאָך צווישן רויבערײַ און מאָרד — און זיי מונטערן זיי:

— העי, ברידער, אויף ווען וואַרטן זיי? וואָס גייען זיי נישט אַראָפּ אין די קעלערס? זיי האָבן רחמנות אויף די „זשידעס״?...

מוטער און טאָכטער האָבן אַלעמאָל געביטן זייער פּלאַץ. די פרוי האָט, מיטן אָטעם פאַרהאַקט, פאַרזיכטיק־שטיל זיך געהאַלטן אין איין אונטערהערן. זי האָט זיך אַלץ אַרומגעדרייט ביים אונטערשטן טרעפּ פון צעטראָגענע, ווי דער דערשראָקענער וואַלד־האָז בעת אַ שיסערײַ, און אַלעמאָל געבעטן דאָס קינד איר זי זאָל זיך נישט שרעקן

אומזיסט: „ס׳איז גאָרנישט, חנהלע, כלעבן, ס׳גאָרנישט... באַלד ט׳עס איבערגיין...״ און פלוצלונג האָט זי דערהערט, אַז דער אומגליק האָט זיך צוגערוקט צו איר הויז: זיי רייסן אויף די קלייט. וואָס טוט מען איצט? זי האָט אַן אויפגעציטערטע אָנגעכאַפּט די טאָכטער ביי אַ האַנט, אַ ווײַלע זיך אַרומגעקוקט, און צוגעלאָפן מיט איר צום הינטערשטן עק פונם קליינעם קעלער.

ס׳האָט זיך אויפגעהויבן די קעלער־דעק, און ס׳האָט זיך אַראָפּ־געלאָזט אויף די טרעפּ אַ סאָלדאַט. ס׳איז געווען אַ הויכער, דאַרער יונג מיט אַ קליינעם, אָפּגעדעקטן און אָפּגעסטרוזשעטן קאָפּ: דאָס פּנים — פאַרשמירט און זויערלעך־פאַרקרומט, ווי ס׳וואָלט אים פון עפּעס שטאַרק געעקלט, און די קליינע, טיפע אייגלעך זענען אַרומגעלאָפן אונטערן גראָבן שטערן צעגלאַנצט און אומרויִק. איז אַראָפּגעקומען שטיל. האָט בלויז אַראָפּגייענדיק די טרעפּ זיך געמיטלעך צוגעפּייפט, אַרומגע־וואָרפן דעם קאָפּ, און לייכט צוגעקלאַפּט אַ קורץ שטיק אייזן איבער דער כאָלעווע פונם רעכטן שטיוול.

מוטער און קינד האָבן דערפילט די געפאַר. זיי האָבן אָן די לאַנגזאַמע טריט דערקענט די קאַלטבלוטיקייט פון אַ מערדער. האָבן זיי זיך אָפּגערוקט הינטערווייַלעכטס, און קוים איינגעהאַלטן זייערע ווײַ־געשרייען, וואָס האָבן זיך שיער פון האַלז אַרויסגעריסן. טיפער אין דער פינסטער האָט שייווע אַרומגעכאַפּט די טאָכטער אַרום דער עדלער טאַליע מיט אַן אומרויִק־באַרויִקדיקן „ש־ש־שאַ״, און ביידע זענען שטיין געבליבן ווי איינגעפרוירענע, קוים מיטן אָטעם. זיי האָבן זיך געהאַלטן קאָפּ נעבן קאָפּ. יאָ, מ׳דאַרף אים איצט גוט נאָכשפּירן, דעם שונא... האָבן זיי זיך געהאַלטן אַריינגערוקט אין דער אויסגעקײַלעכיקטער וואַנט, ווי איינגעקלעפּט דאָרט, זיך אַראָפּגעבויגן און נאָכגעקוקט דעם סאָלדאַט.

יענער אַנטקייגן ביי די טרעפּ, האָט זיך, וואַקלנדיק ווי אַ שיכור, אַרומגעדרייט העט אונטן, געמאַכט דעם איינדרוק ווי ער זוכט עפּעס און בייז אונטערגעברומט. פון מויל איז אַלעמאָל אַרויס אַ מיאוס, פאַר־שמירט זידל־וואָרט. דאָס פּנים האָט זיך געקנייטשט, געקרומט, און די הענט האָבן אומגעדולדיק געקראַצט אין קאָפּ, ווי דער מענטש וואָלט זיך אומבאַדינגט עפּעס ווען דערמאָנען — און קאָן נישט.

פלוצלונג איז דער סאָלדאַט אומגעפאַלן. ער האָט זיך קוים אויפ־

געהויבן און זיך גענומען שפּייען און רוגזן אויף די „פּאַסקודנע זשי-דעס”. איצט איז ער געבליבן זיצן אויפן אונטערשטן טרעפּ. די הענט האָבן זיך אָנגעשפּאַרט אויף די קני. אַזוי-אָ, און אַראָפּגעבויגן מיט קאָפּ און פּלייצעס, האָט ער גענומען קוקן אַ פאַרכעסטער, מיט רויט-פאַרגאָ-סענע אויגן אין דער פינסטערער טיף אַריין, גלייך קעגן די באַהאַלטענע.

די אַנטקייגנדיקע האָבן דערזען דעם שונאס בליקן און זיך אַראָפּ-געזעצט נידעריק צו דר׳ערד צו ווערן קליין, נישט אָנצוזען זיך. דאָ האָבן זיך יענעמס קליינע אייגעלעך צעשמייכלט. די מוטער האָט זיך שוין גאָר צעמישט: ער חוזקט פון איר וואָס זי פּרוווט זיך באַהאַלטן... וואָס טוט מען?... זי האָט אינם שמייכל דערקענט די לויערנדיקע חיה, און איבערגעביטן איר פּאָזיציע. זי האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַ ברייטע, אַ הויך-אויסגעוואַקסענע, מיט לאַנגע בריים-צעשפּרייטע און פעסטע הענט, און פאַרשטעלט איר טאָכטערס יונגן קערפּער:

— כ׳בעט דיך, רבונו-של-עולם, היט אָפּ מיין קינד פון אַל-דאָס בייז.

דאָס מיידל האָט זיך איבערגעגעבן צו דער מוטער. וואָס דען, זי וועט זיך דען קענען ראַנגלען מיטן לויערנדיקן שונא?

אפשר, די מאַמע? איז זי געשטאַנען אַ צעטומלטע, געציטערט מיט אַלע אברים ווי אין אַ שווערן פיבער — און זיך געהאַלטן מיט אַלע כוחות טויט-שטיל, אַז יענער זאָל נישט דערהערן איר אָטעמען. אַלע-מאָל האָט זי אַ שטאַרק נייגיריקע אַרויסגעשטעלט אַ שטיקל קאָפּ פון הינטער דער מוטערס פּלייצעס און נאָכגעקוקט דעם פאַרפאָלגער: וואָס ער טוט איצט, וווהין ער קוקט. און צי זענען זיינע אויגן נישט בייז, צערייצט. שייווע האָט נישט געזען, וואָס איר דערשראָקענע טאָכטער טוט. זי איז וואָס אַמאָל געוואָרן באַשלאָסענער. איצט איז זי געשטאַנען שטאָלץ און עקשנותדיק אויפגעהויבן, ווי אַ פעסטער, פריש-איינ-געגראָבענער סלופּ, צעשפּרייט זיך מיט הענט און קליידל, און אַלץ נאָכגעשפּירט דעם סאָלדאַט: „ניין, וועסט מיין קינדס באַהעלטעניש נישט דערגרכן!... וועסט איר נישט האָבן! סיידן זאָלסט גיין איבער מיין טויטן קערפּער...” זי האָט געהיט יעדן מינדסטן ריר פונם שונא. אַז יענער האָט זיך פּלוצלונג דערמונטערט, אַ וואָרף געטאָן דעם קאָפּ, און זיך אויפגעהויבן ווי גרייט צו טאָן עפּעס, האָט די אלמנה זיך

אַראָפּגעזעצט נידעריק, אַראָפּגעצויגן הינטער זיך איר מיידל, און נאָכ-שפּירנדיק אַזוי-אָ דעם דערוואַכטן פיינט, האָבן זיי זיך צוגערוקט צו אַ ווינקל.

אין דרויסן האָט זיך גערודערט. ס׳האָט געראַשט דער אומרויקער מאַסן-גאַנג, און מ׳האָט געהערט ווי דאָ פאַרהאַקן זיך און דאָ רייסן זיך הילכיק אויף טיר און פענסטער; ס׳האָבן געהילכט אָן אויפהער איבער די גאַסן יום-טובדיקע גליק-געשרייען פון צווילדעווּטע, יובלענדיקע מחנות, און זיך אויסגעמישט מיט די טעמפּע קלאַנגען פון צעבראָכענע שויבן, טירן און שטוב-כּלים. און דאָ האָט זיך דערהערט ווי מ׳טאַנצט. פריילעכע, און הויך און אומגעלומפּערט אויפגעזוננענע קולות האָבן זיך ווילד אין דער לופטן אַ טראָג געטאָן, און זעט אויס, אַז אינמיטן גאַס ערגעץ האָט אַ שטאַרק אויפגעלעגטע מאַסע גענומען צעבאַלעוועט אַרומשפּרונגען. פון אייניקע ערטער האָבן זיך שוין אָנגעהויבן דערהערן אָפּטע און איבערגעהאַקטע קוויטשערייען פון הייזעריקע העלזער; מידע, פאַרשטיקטע קרעכצן האָבן זיך געטראָגן ווי פון אונטער דר׳ערד אַרויס; פון נישט ווייט ערגעץ האָבן זיך קלאָר אַרויסגעהערט ציטעריקע געוויינען, און געבעטן צו גאָט אין הימל רופנדיק אים צו הילף, און איבער אַלץ — דאָס הפקרדיק-פריילעכע געזאַנג, קוויטשעריי און פוס-טופּעריי פון צעלאָזענע מחנות:

— הי—הי— — — ! הו—הו— — — !!!

די וויי-געוואַלדן פון חורבן האָבן זיך גענומען אַריינרייסן דורך דער אָפענער קעלער-טיר אַלץ מער און אָפטער. שייווע אָבער האָט עפּעס יאָ געהערט און האָט נישט געהערט. אַלטע, פינצטערע יסורים-קנייטשן האָבן זיך אין מיטליאָריקן פּנים אויסגעלייגט, איינגעגראָבן ווי פון יאָרן שוין, און אויף די ליפּן האָט אַ שטילע האַרץ-תּפילה אַרומגעציטערט אָן ווערטער:

— אַלמעכטיקער, ראַטעווע מיין קינד.

דער שיכּורער סאָלדאַט אין קעלער האָט אַראָפּגעקוקט צו דר׳ערד. איצט האָט ער שילטנדיק אַ שפּיי געטאָן, און אויפגעהויבן פון דר׳ערד דאָס קורצע, אייזערנע שטענגל, וואָס ער האָט פריער, אומפאַלנדיק, אַראָפּגעלאָזט. ער האָט ווילד-יונגיש אַ זעץ געטאָן מיט דעם איבער די האַרטע, גלאַנציקע שטיוול-כאָליעוועס, עס אַ הויב געטאָן אין דער הויך,

און פֿאָכנדיק, ווי מיט וואָרנונג אויף אַן אָנקומענדיקער געפֿאַר, האָט ער גענומען לויבן די פּאָגראָמען. דערמאָנענדיק איצט די יידן האָט ער זיך אַלץ מער צערייצט און צעבייזערט: „אָ, די מיאוסע זשידעס, ווי פֿיינט ער האָט זיי! ער קאָן זיי דאָך אַזוי נישט פֿאַרליידן, אָט די הינטישע זין... פּראָוואָס שיסט מען זיי נישט אויס ביזן לעצטן, צום טייוול?...

דאָ האָט ער זיך אַראָפּגעבויגן, משוגעדיק צעקאָרטשעט דאָס פּנים און גענומען ציטערן מיט אַלע אברים, און פֿאָרגעשטעלט אַ בילד ווי די דערשראָקענע יידליקעס פּלאַטערן און וויינען, אַז זיי דערזעען קעגן פּנים די אויפגעהויבענע האַק אָדער די ביקס.

און פּלוצלונג — אַ ווילד, אומגעלומפּערט חוזק-געלעכטער:

— כאַ-כאַ-כאַ-אַ — !

שייווע האָט נאָכגעקוקט די סצענע אַ צעטומלטע און פֿאַרלוי-רענע, ווי דער אויף טויט פֿאַראורטיילטער ערבן אויספֿיר פֿון זיין משפּט. זי האָט צוגעדריקט די טאָכטער נעענטער צו דער וואַנט: ער זעט זיי, יענער?... יאָ, ער קוקט!... אָ, ער זעט זיי די גאַנצע צייט. ס׳איז ביי אים אַ חוזק-שפּיל! ער זעט — נאָר ער נאַרט זיי אָפּ; זאָלן זיי נישט וויסן צי ער זעט זיי. ווודען, זי דערקענט דען נישט אָן זיין האַלטן זיך? אָט וואַרפֿט ער זיך אַרום, דער אַנטקעגנדיקער, מיט אַ זאַטן, גראָבן געלעכטער, און ער האָט זיך פּלוצלונג שוין גאָר אומגעקערט מיטן רוקן צו „זיי". וואָס איז דאָס פֿאַר אַ קונץ-שטיק? שפּילט זיך מיט זיי אַביסל; מאַכט זיך פּלומרשט ווי ער זעט זיי נישט, און היט ווי אַ ווילדע חיה. ווען ער וויל ער דאָ אָפּנאַרן? האָט זיך דאָך אוי-מישנע אַזוי אַוועקגעשטעלט מיטן רוקן צו זיי! אָט, איך זע דען? לויפֿט, לויפֿט! נו-זשע, איר ווילט זיך דאָך ראַטעווען, וואָס-זשע האָט איר זיך פֿאַררוקט דאָרט ערגעץ אין אַ ווינקל — און געבליבן זיצן?

און די רויטע, בייז-צעגלאַנצטע אויגן זיינע קוקן פּלומרשט אַרויס צום דרויסן.

— ניין, זי וועט נישט לויפֿן דעם טויט אַנטקעגן; זי וועט אי-בערוואַרטן.

דער סאָלדאַט האָט אויפֿגעהערט לאַכן און איינגעשוויגן אַ ווײַלע. אָבער דאָ מיטאַמאָל איז ער עפּעס געוואָרן שוין גאָר אומרויִק. אפשר

האָט אים דאָס פריערדיקע שילטן און לאַכן און דאָס דערמאָנען זיך אַלץ אָן די יידן, אַזוי צעדרייט. ווייל ער האָט זיך עפּעס מאָדנע צע-רייצט; די קליינע פאַררויטלטע אייגלעך האָבן זיך בליציק אויפגע-שפּיצט, און ער האָט אָנגעהויבן אַרומשפּאַנען אַ צעטראָגענער איבער דער ברייט און טיף פון קעלער, ווי די הונגעריקע חיה, וואָס האָט דערשמעקט נאָענט רויב. ער האָט געשפּאַנט מיט שווערע טריט. די פּיס האָבן זיך געוואַקלט, אַרומגעוואָרפן, און דאָס פּנים איז געווען אַמבי-ציעז און בייז אָנגעשטרענגט. אַלעמאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, אַ זעץ געטאָן מיט רציחה מיטן גראָבן אייזן-שטיק אין דער לופט, ווי מיט אַ שווערד קעגן אַ מענטשנס האַלז, באַטראַכט נעבן זיינע פּיס דעם פאַנטאַסטישן, אומגעפאַלענעם קרבן, און אויסגעפּלאַצט אַ ווילד-צעלאָ-זענעם, הנאהדיקן געלעכטער.

פּלוצלונג איז דער שייגעץ געבליבן שטיין נעבן שייוען און איר טאָכטער אַזוי נאָענט, אַט רירט ער זיי ממש אָן. דאָס פּנים זיינס האָט זיך צעקאָרטשעט מיט הכנעה און געבעט, און ער האָט אַ פאַל געטאָן פאַר די באַהאַלטענע יידן אויף די קני, מיט צעשפּרייטע הענט:

— פאַמי—לויטיע, דאָבריע ליו—די... פאַמי—לויטיע...*)

— וואָס טוט מען? ווו רייסט מען זיך אַרויס צו דער פרייהייט?

—האָט שייווע געציטערט.

זי האָט אַ דריי געטאָן דאָס פּנים צו דעם מיידל:

— אָ, מיין קינד!

זי האָט זיך שטאַרק צעמישט. זי האָט אַ קוק געטאָן אויפן קני-ענדיקן שייגעץ מיטן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ, וואָס פירט מיט איר אַ חוזק-שפּיל, און געוואָרן זיכער: איצט ענדיקט זיך עס! באַלד, ווען ער הויבט זיך נאָר אויף, וואַרפט ער זיך אַרויף אויף איר ווי אַ חיה מיט אַ ווילד געלעכטער, און — באַלד איז זי פון איר קינד שוין אַוועקגע-שליידערט: יענער פאַלט אָן אויף איר חנהלען אָן רחמנות, און מאַכט איר יונג לעבן חרוב. אָ, פינסטער איז איר וועלט!... ניין, ניין, זי וועט נישט דערלאָזן! איצט איז די ריכטיקע צייט זיך צו ראַטעווען: דער שונא האַלט דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן — זיי וועלן אפשר קענען אַנט-לויפן. איצט!

---

*) האָט רחמנות, גוטע מענטשן, האָט רחמנות.

שייווע האָט שנעל זיך אויסגעדרייט צו איר טאָכטער. זי האָט איר אָנגענומען בייביידע הענט, אָפּגעטראָטן עטוואָס אָן אַ זייט און זי מיטגעצויגן נאָך זיך. איצט האָט זי געוואָרפן אַ קוק אויפן שיכּורן סאָלדאַט, און צוגעהאַלטן די טאָכטער ביי איין האַנט: גיכער זיך ראַטעווען!... זי האָט מער נישט געהערט וואָס אַרום איר טוט זיך, נישט געהערט אַפילו דעם נאָענטן פּאָגראָם-גערויש, און ראַפּטום זיך אַ לאָז געטאָן מיט איר קינד פונם בייזן שונא אין קעלער — צו דער פרייהייט...

# דער לעצטער

## א.

צייט פון אומרו.

די מענטשן אויף דער ערד זענען דעמאָלט אַרומגעלאָפן צעדו־דערטע, ווי אין אַן אונטערגעצונדענער שטאָט:

— דאָס לעבן!

ס׳האָט זיך צעפלאַמט דאָס גרויסע מלחמה־פייער. תּחילת האָט זיך עס אויסגעשפּרייט שטילערהייט. האָט געוואָרפן צונגען אונטער דר׳ערד מיט פול־אָנגעלאָדענע כּוחות — און פון אויבן, פאַרן אויג, האָט זיך עס צייטנווייז אַזוי גנביש־רויִק איינגעהאַלטן, אַז דער איבערגעשראָקענער מענטש האָט זיך שוין אין האַרצן געמאַכט אַ שמחה: „שוין! ס׳עט שוין גאָרנישט זיין. אַ דאַנק גאָט!" נאָר מיטאַמאָל האָט דאָס פייער אַ זעץ געטאָן אומגעלומפּערט־ווילד, אָפן אַרויס איבער דער וועלט מיט שרייענדיקן געפּאַר־אָנזאָג, און זיך צעטראָגן אין די ווייטן, ווי אַ צעקאָכטע לאַווע.

— חורבן! — — —

אָט אין יענער צייט איז צווישן די צעטומלטע אין קליינעם שטעטל אַרומגעלאָפן דאָרל שניידערס זון, שמעון. שוין באַלד זיין ריי צום „פּריזיוו". וואָס זאָל ער טאָן? ווען ס׳זאָל כאָטש דויערן אַביסל לענגער, — האָט ער מיט די אויגן געבעטן אין דער פּוסטער לופט. אַז מ׳האָט אים נאָכדעם אַ רוף געטאָן, האָט ער איבערגעלייענט אין גאַס אויף אַ טעלעגראַף־סלופּ די „דערקלערונג", געבליבן שטיין מיטן הויכן, אויסגעטריקנטן קערפּער זיינעם עלנד־אומבאַוועגלעך, מיט תּמעוואַטע בליקן און מיט אַן אָפענעם מויל, און זיך גאָרנישט געקענט גלויבן: „האַ? מיך?..." און האָט זיך גענומען אויסבאַהאַלטן.

איינמאָל בייטאָג. אַ פּאָר געהיים־אַגענטן זענען נאָר־וואָס אַרויס

פון משה קאָוועלס הויז. דאָדל שניידער האָט דאָס באַמערקט. ער איז אַרויף צום זון אויפן בוידעם. פון הינטערן קאַסטן מיטן פסחדיקן געפּעס האָט זיך אַרויסגערוקט דעם זונס קאָפּ:

— דו, טאַטע?

— איך, מיין זון.

— עפּעס נייעס?

— נישט גוט, מיין קינד. מ׳האַלט אין איין זוכן... ס׳איז געפערלעך... אפשר וואָלסטו אַריבער די גרעניץ, שמעון?

— ווי אַזוי-זשע, טאַטע?

— ס׳הייסט ווי אַזוי? קיין מורא נישט, פעטיאַ קאַשקאַדאַן וועט עס שוין גוט פאַרזאָרגן... ער ווינט דאָך טאַקע ביים ברעג פונם פרוט, פעטיאַ... ווידען, אַז מ׳זוכט אַזוי-אָ. וואָס ט׳זיין, אַז מ׳עט דיך כאַפּן?...

— נאָר רעד מיט אים גוט איבער, טאַטע. אַ גוי אַ שיכּור...

דער פאָטער האָט גאָרנישט געענטפערט. ערשט ביים טירל, פאַרן אַרויסגיין, האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ צוריק צום געפּעס-קאַסטן, און ס׳האָט זיך אַ גאָס געטאָן אַ שטילער יאָמער:

— איז וואָס-זשע זאָגסטו? גיי איך, הייסט עס, באַשטעלן פאַר דיר פעטיאַן, אַ יאָ, זון?

— גיי-גיי, טאַטע.

און ביינאַכט איז שמעון אַריבער די גרעניץ.

## ב.

רומעניע.

שמעון האָט נאָך אין דערהיים געהערט, אַז אין רומעניע זענען די „פרעמדע" נישט פריי. מ׳זוכט זיי — און זיי באַהאַלטן זיך אויס. פאַרוואָס-זשע איז ער אַהער אַנטלאָפן? ווייל דאָ איז די סכנה פון שלאַכט-פעלד נישטאָ. אַז די רומענער כאַפּן אַן אַנטלאָפענעם פון דער פרעמד, פירן זיי אים אַוועק אין די „שיפּיטעס*). נו, איז געפערלעך? עסן און טרינקען גיט מען דאָך דאָרט מסתם. וואָס דען, טאָמער איז מען נישט פריי? ליגט מען דאָך אין דערהיים אויך אויף די בוידע-

*) אַ תּפיסה אַזאַ אין אַ גרוב.

מער... אַבי נישט אין פייער אַריין! און — ווער ווייס? אפשר וועט זיך־
ביז מ׳וועט אים כאַפּן, דערווייל ענדיקן די מלחמה, און ער וועט שוין
אינגאַנצן ווערן פריי?...

אין דער לופטן האָבן זיך ווי אויפגעהויבן לאַנגע שווערדן, און זיך געצילט איבער די קעפּ פון די פרעמדע. דאָס לאַנד האָט זיך אָנ־געבלאָזן: „וואָס ווילן דאָ די אויסלענדער, וואָס? געקומען שעדיקן אונזער מדינה? ווער דאַרף זיי!...״ אַז די אויפרעגונג איז אַלץ גע־וואַקסן, האָט שפּעטער שוין די מלוכה אַליין שטילערהייט באַפוילן: „איר הערט, באַאַמטע? וואָס איר וועט טאָן — נאָר דאָס לאַנד זאָל פּטור ווערן פון די פרעמדע. פאַרשטאַנען?...״ האָבן אויף די גאַסן זיך אַרומ־געדרייט נאָכשפּירער, און געלויערט פון אַלע ווינקלען.

שמעון האָט געוווינט אין שטאָט אין אַ פאַרוואָרפן הינטער־געסל. אַז די גאַסן זענען געוואָרן היימישער: שוין אַזויפיל מאָל זיי דורכ־געשפּאַנט און קיינער האָט אים נישט אָפּגעשטעלט — איז ער שוין גע־וואָרן זיכער. שפּאַנט ער אַזוי, שמעון, איינמאָל אין אָוונט אין גאַס, און די בליקן זיינע — פאָרויס: „אַלץ איז גוט, דער וועג זעט אויס זיכער״. האַ? ווער־זשע איז יענער־אָ? אויף דער זייט גאַס, נישט ווייט, דרייט זיך אַרום אַ מאַן מיט אַ גרויסן שינעל, די הענט אַזוי כשר־תמעוואַטע פאַרלייגט אויפן רוקן, און ער קוקט אויס ווי ער זוכט עמיצן. נישט איינער פון דער „חברה״? האָט שמעון אַריבערגעשפּאַנט אויף דער צווייטער זייט, און אַוועק ווייטער. דאָ איז פון אַ זייטיק געסל אַרויס מיט שנעלע טריט אַ רומענישער אָפיצער אַזוי אומגע־ריכט, אַז שמעון איז אויף אים שיער נישט אַרויפגעפאַלן. ס׳האָט זיך ביי אים אַרויסגעריסן פונם האַלז אַ קרעכץ מיט אַן אַנטשולדיגונג, און ער האָט אַן אויף־טויט־דערשראָקענער זיך אַ וואָרף געטאָן הינ־טערווייַלעכטס. אָ, צו אַלדע רוחות! — האָט דער אָפיצער אַ ברום גע־טאָן. דער יונג האָט דערזען אַ בייז, צעקרומט פּנים מיט אַן אויפגע־הויבענער האַנט. האָט ער אַראָפּגעכאַפּט דאָס היטל און הכנעהדיק זיך פאַרענטפערט: „ביי גאָט, ער האָט נישט באַמערקט.״

יענער איז אַוועק.

שמעון האָט גענומען שפּאַנען שנעלער, אַ שטאַרק־אויפגערעגטער און צעטומלטער: געוואַלד, צו וואָס איז ער איצט אַרויס אין גאַס?

אזוי נויטיק געווען? און ס׳האָט זיך אים טאַקע היינט אַזוי נישט גע־גלוסט אַרויסצוגיין... אָבער—מילא. מ׳טאָר זיך איצט נישט פאַרלירן. אָט איז ער שוין יענעם מיטן שינעל און מיט די הענט אויפן רוקן, אויך אַריבער... נאָר, פאָרזיכטיק. דאָ האָט ער זיך אַ פאַרדריי געטאָן רעכטס, און זיך אויסגעמישט מיט די שפּאַצירער אויף דער הויפּט־גאַס.

אינם געדריש פון דער מאַסע האָט זיך דער אומרויִקער דוקא אַביסל באַרויִקט. ער האָט געשפּאַנט אַ שטיל־אויסבאַהאַלטענער, אַן איינ־געהויקערטער, נעבן די אָפּענע, באַלויכטענע געשעפטס־הייזער, אַביסל אַראָפּגערוקט דאָס היטל און אָפּגעאָטעמט פרייער.

און גאָר פּלוצלונג:

— סטע—י!*)

דער יונג האָט פון שרעק זיך אַ וואַקל געטאָן, ווי פון אַן ערד־אויפטרייסלונג. פון יענער זייט גאַס האָט מיט אַן אויסגעצויגענער האַנט, מיטן צייג־פינגער גלייך קעגן אים, זיך צו געלאָזט אַ געהיים־אַגענט:

— דאָקומענטילי!**)

און אין אַ פּאָר טעג אַרום איז שוין שמעון געווען אין די „שי־פיטעס".

ג.

ווען שמעון דאָדל שניידערס איז אין די ערשטע מינוטן גע־בליבן שטיין אין די שיפּיטעס, האָט ער באַלד אַ נייגיריקער גענומען אַרומקוקן דאָס תּפיסה־אָרט:

— ווּהין איז ער דאָ אַריינגעפאַלן?

אַ טיפער, פיר־עקיקער גרוב. העט־אויבן, אַרום די הויכע, גליי־כע ווענט זענען פעסטע הילצערנע פּלויטן אויפגעהויבן. זיי שטייען, די פּלויטן, אַ היבש ביסל אָפּגערוקט פון די גרוב־ברעגן — אַפּנים, כּדי צו מאַכן פּלאַץ פאַר דער אַרומשפּאַנענדיקער וואַך. פיר פּאָלדאַטן גייען דאָרט אַרום. זיי דרייען זיך אַהין־אַהער מיט די אויפגעשפּיצטע ביקסן, ערנסט וואָרנענדיק מיט זייערע רוגזדיקע, פאַרגליווערטע פּנימער און

*) שטיי.

**) די דאָקומענטן.

פאַרשוויגנקייט, און ס׳הערן זיך זייערע קלאַפּנדיקע, האַמעטנע שטיוול־טריט אַזוי אומהיימלעך, ווי זיי וואָלטן שפּאַנען ערגעץ אין אַ ווייטן, טויטן מדבר.

שטיל.

— ווּעמען־זשע היטן זיי דאָ?

אין גרוב איז דאָ בלויז איין מענטש: ער אַליין. אויבן — פיר סאָלדאַטן. וואָס־זשע הייסט עס? צו וואָס אַזאַ גרויסע וואַך? עפּעס מוז דאָ זיין... ער האָט אַרויפגעקוקט צו די סאָלדאַטן מיט נשתּוממדיקע, נאָכפרעגנדיקע בליקן, זיך געמישט אין שרעק, און אַלץ נישט געקענט פאַרשטיין:

וואָס טוען זיי דאָ די עטלעכע סאָלדאַטן? דער גרוב איז דאָך כמעט ליידיק! עפּעס פול מיט סודות איז דאָ דאָס אָרט!...

ער האָט גענומען אויסקוקן די תּפיסה גרינטלעכער. דאָ און דאָרט זענען צעוואָרפן איבערן גאַנצן גרוב קליינע הילצערנע בענקעלעך, און ביים עק גרוב שטייען עטלעכע אייזערנע בעטלעך. און, ווער איז יענער? ער האָט דערזען אַ מענטש, און גענומען צושפּאַנען צו אים. יענער איז געלעגן אויף אַ בעטל. גייענדיק האָט שמעון באַמערקט, אַז יענער האַלט דאָס מויל ברייט־אָפן, און דאָס גאַנצע פּנים זיינס איז פיינלעך צעקרימט. אַז ער איז צוגעקומען נעענטער, האָט דער מענטש אויסגעגלאָצט אַ פּאָר היציק־פאַררויטלטע אויגן, און זיי אויסגעשטעלט קעגן נייעם געפאַנגענעם אַזוי נייגיריק־פאַרצאַפּלט און מיט געבעט, ווי ער וואָלט האַלטן אָט־אָט ביי גסיסה, און ער בעט עמיצן צוצוקומען פאַר אַ לעצט נויטיק וואָרט זיינס. שמעון האָט פאַר די בליקן אויפגעציטערט: וואָס פאַר אַ מענטש איז דאָס! ער האָט מורא געהאַט צוצוגיין. האָט ער זיך שוין געוואָלט אומקערן—און נישט געוואַגט. און דאָ האָט אים נאָך זיין אייגענע לאַגע און די אַרומיקע וויסטקייט און בית־עולם־שטילקייט, מיט צער און פּיין אָנגעגאָסן, און אַ שוידערדיקע מורא האָט דעם יונגן בחור דורכגענומען. וואָס טוט מען? זאָל ער זיך אפשר אומקערן צוריק? און וואָס וועט זיין, אַז יענער מיטן שרעלעכן אויסזען און מיטן אָפענעם, צעקרימטן מויל וועט אים נאָכשרייען הינטער די פּלייצעס? שטייט ער שוין, דער יונג, אָן באַוועגונג, ווי אַ פעסט־אַריינגעהאַקטער געהילץ־שטיק אין דער ערד, קוקט ווי יענער

קוקט, און קען זיך נישט אַ ריר טאָן פון אָרט. דאָ האָט ער זיך אַ וואַקל געטאָן, דערפילט ביי די פיס אַ בענקעלע, און זיך אַראָפּגעזעצט.

ער האָט געפּרוווט זיך באַרויִקן — און דער מוראדיקער מענטש איז אַלץ געקכאָכן פאַר די אויגן. האָט שמעון אַ געערגערטער אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף ביידע הענט, און די אויגן אַראָפּגעלאָזט צו דר׳ערד. אַ וויילע האָט ער דעם פרעמדן פאַרגעסן: ווו האָט מען אים אַוועקגעפירט? וואָס פאַר אַן אָרט איז דאָ? מ׳הערט דאָ אַפילו נישט פון ערגעץ קיין לעבעדיק קול... ס׳איז, זעט אויס, פאַרוואָרפן ערגעץ אין פעלד, ווייט פון אַ ישוב... דאָס זענען אַפּנים די שיפּיטעס... און דאָ — ווידער דער פרעמדער: ווער־זשע איז יענער אויפן בעטל? פאַרוואָס קוקט ער אַזוי שרעקלעך, און זיין פנים איז אַזוי מאָגער, טויטבלאַס און פאַרדאָרבן? קראַנק אַזוי? — וואָלט ער דאָך געזאָגט, און מ׳וואָלט אים שוין לאַנג האָבן אַוועקגענומען. און אין אַזאַ גרויסן אָרט — איינער?

ער האָט אויפגעהויבן די אויגן איבערן גרוב. און וואָס איז עפּעס ראָרט? האָט זיך בייגיריק אויפגעשטעלט, און שנעל אַוועקגעשפּאַנט צום צווייטן עק גרוב. אַ משונהדיקע זאַך: אויף אַ סך ערטער איז דאָ די ערד אויפגעהויבן אין קופּעס, ווי בערגלעך, און ס׳קוקט אויס עפּעס מאָדנע שרעקנדיק און פאַרדעכטיק... ער האָט זיך אָפּגערוקט. נאָכדעם האָט ער אַ פאַרטראָגענער אַרומגעשפּאַנט אינמיטן גרוב, ווי אונטערגעטריבן פון אַ באַהאַלטענער האַנט, געפּאָרשט די סביבה, און אַלעמאָל זענען זיי בליקן צוגעפּאַלן צום — האַלב מענטש — האַלב רעטעניש.

יענער האָט אים צוגערופן מיט אַ פינגער.

שמעון איז צוגעגאַנגען. דער מענטש איז געלעגן אויף אַ זייט אַן אָפּגעדעקטער, דאָס לייב — שטאַרק צונויפגעקאָרטשעט, די איינגעצויגענע קליינע קינדער־הענטלעך האָבן געציטערט, און דאָס איינגעפאַלענע, ביינערדיקע פנים, אונטער די צעשויבערטע שוואַרצע האָר־פּאַטלעס, האָט זיך חלשותדיק־מיאוס צעקרימט, ווי פון געפערלעכע ווייען. ער האָט זיך עטוואָס אונטערגעהויבן אויף אַן עלנבויגן:

— אַ ייד?

— יאָ, אַ ייד.

— שלעכט, ברודער... אָט גיי איך אויס פון הונגער... איר זעט

דאָרט-אָ, די בּערגלעך? — ס'איז קברים. כ'בּעט אייך: זייט מיך דאָרט מקבּר.

דער בּחור האָט אים אָנגעקוקט דערשראָקן און געשוויגן.

— זאָגט איר מיר צו? — איז יענער צוגעשטאַנען.

— יאָ.

איין האַנט האָט זיך אויסגעגליטשט, אַראָפּגעפאַלן פון בעטל, און זיך צעהוידעט. שמעון האָט אָפּגעטראָטן. האָט געוואָלט זיך ערגעץ אַוועקדרייען, דאָ איצט נישט זיין און זיך געשראָקן. ווער ווייס ס'קען זיך טרעפן הינטער זיינע פּלייצעס? לאָז ער בעסער זען וואָס ס'טוט זיך... איז ער געשטאַנען פון ווייטנס און געקוקט צום גוסס.

— ווייי, ווו איז ער דאָ אַריינגעפאַלן?...

ער האָט זיך אָנגעהויבן שטאַרק ערגערן:

— פון הונגער גאָר שטאַרבט ער, דער ייד! וואָס-זשע וועט מיט אים זיין? זיי הונגערן דאָ אויס, הייסט עס?... ס'הייסט? היתכן, מ'זאָל גאָר קיין שטיקל ברויט נישט געבן. ס'קען נישט זיין!... ער איז געוואָרן שטאַרק אומגעדולדיק: שאַ, ער קען דאָך אַ קוק טאָן. האָט ער זיך ווידער דערנעענטערט צום בעטל, זיך טיף איינגעבויגן, אַפּנים זיך אויסצוהיטן פונם גוסס, און גענומען קוקן פון אונטן: נישטאָ עפּעס דאָ קיין סימן? אפשר אַ לעפל, אַ שיסעלע? אַז ער האָט נישט געפונען, האָט ער אַ לאַנגע צייט זיך אַרומגעשלעפּט איבערן גרוב איבער אַלע ווינקלען, אומעטום געזוכט, געשנישטערט אַ צעטראָגענער, און מיט עפּעס אַ מאָדנער פאַרעקשנטקייט, און צולעצט זיך אָפּגעשטעלט נישט ווייט פון פרעמדן מיט אויסגעשטאַרצטע, טרויעריקע אויגן:

— וואָס-זשע וועט איצט זיין מיט מיר?

פון דער הויך האָט זיך געהערט, ווי אַן ענטפער:

— טיפּ-טאַפּ! טיפּ-טאַפּ! — — —

און שפּעטער האָט שוין שמעון געגראָבן אַ גרוב, און דעם יידן באַהאַלטן.

## ד.

שמעון פּירטע נאַכט אין די שיפּיטעס.

שטיל אַרום. ערגעץ ווייט איז פאַראַן אַ רוישיקע, לעבעדיקע

וועלט—און דאָ קלינגט אַזש די שרעקנדיקע, טויטע פּוסטקייט אין די אויערן. אַ ווילדע וויסטעניש. ווערט דאָ איינער פאַר-וואָרפן קענען, אַפּנים, זייטיקע מענטשן אייביק נישט געוווּיר ווערן, ווו ער איז. איינזאַם און געהיים איז דאָ דאָס פּוסטע אָרט: בייטאָג הערט מען אַפילו נישט קיין פויגל דורכפליען. צי כאָטש אַ געשריי, אַ קול פון אַ מענטש אָדער פון אַ בהמה, אַ חיה. זעט אויס, אַלע וועגן זענען דאָ אַרום פאַרהאַקט און פאַרשטעלט — מ׳זאָל עפּעס נישט געוווּיר ווערן, און זיך אפשר ווען אַריינמישן... איז דער גרוב דאָ אָפּגעצוימט, ווי אָפּגע-ריסן פון דער גאַנצער וועלט: ס׳גיסט זיך דאָ אַ מעלאַנכאָלי-שער טרויער און שרעקט מיט אומקום, און אויבן שטייען די פלויטן שטייף, אין איין פּאָזע, פאַרזונקען אַזוי מוראדיק אין זייער טויטקייט און פאַרשוויגנקייט, ווי אַלטע, קאַלטע ווענט אויף אַן אַמאָליקע רויִנע, און לאָזן פון דער לעבעדיקער ווייט נישט צו קיין אָטעם.

שמעון שפּאַנט אַרום. העט אויבן ברענט אַ לאַמטערן, און דער תּפיסהניק דרייט זיך אַרום אַהין-אַהער אין דער טיף, אינם שוואַכן אָפּשיין. אָט האַלט ער זיך פלוצלונג איין, ווי פאַר אַן אייזן-צוים, און דאָס פּנים קרימט זיך אויס, ווי אין קראַמפּ-ווייען: וואָס וועט זיין? מ׳גיט דאָך נישט קיין עסן. וואָס וועט פון אים ווערן?... נעכטן האָט מען פלוצלונג אַראָפּגעוואָרפן אַ קליין, דאַר שטיקל ברויט ווי אומישנע אויף חוזק, און — מ׳מוּ-טשעט ווידער. דער דאַרער ביסן ברויט האָט נאָך מער צע-רייצט... אָ, ווי ס׳נאָגט! דער ייִד האָט אים אָבער געזאָגט, אַז ער גייט אויס פון הונגער — און ער האָט זיך עס גאָר דעמאָלט נישט געקאָנט פאָרשטעלן. פון הונגער גאָר?... אָ, ווי מ׳האָט גאָרנישט קיין רחמנות!... און ער פילט, אַז ער האַלט שוין נישט אויס: אין קאָפּ רייסט, אַז די ווייען הויבן אים אַזש אונטער, די פיס זענען אים ווי אונטערגעבראָכן, און דאָס האַרץ איז עפּעס פול מיט לעכער און ס׳נאָגט, ס׳רייסט שטיקער. אָט זיצט ער אויף אַ בענקעלע, און וויל זיך אויפהויבן, איז דער קער-פּער מוראדיק-אָפּגעלאָזט, אויסגעליידיקט פון די כּוחות, און דער

קאָפּ—אַ שטיק בלײ. וואָס-זשע וועט זײן?... טוט ער זיך מיט-אַמאָל אַ הויב-אויף און דערפילט אַזאַ שאַרפן שטאָך אונטערן האַרצן, אַז ער בויגט זיך אַראָפּ צו דר׳ערד און צעקרעכצט זיך אויפן קול:

— או—י...

איצט איז ער שטאַרק אומרויִק. ער כּעסט זיך וואָס ער קען די ווייען אין זיך נישט אײנשטילן און וואָס ער ווערט אַלץ שוואַכער, אומעכטיקער. אָט פילט ער ווי עמיצער אינע-ווייניק זויגט אַלץ די כּוחות פון אים, שעפּט, און נאָגט פון אים דאָס חיות — און ער ראַנגלט זיך מיט ערגערנישן — און גיט זיך נאָך: און אָט דערפילט ער ווי דאָס שוואַכע האַרץ צעפּאַלט זיך אים: אינעווייניק ליגט עמיצער מיט אַ לאַנגן, שפּיציקן, אַכזריות-דיקן שנאָבל, און צופּט שטיקער:

— פּיק-פּיק!...

ניין, ער וועט זיך נישט נאָכגיבן! — — —

שפּאַנט ער אַוועק צו אַ בעטל זיך צוצולעגן — און ס׳קומט אים אָן אויפן וועג אַ נײַער כּעס. ער ווערט פּשוט אויסער זיך: „געוואַלד, וואָס זענען דאָס פאַר אַ מענטשן! וואָס האָבן זיי דאָ די בעטלעך פלוצלונג אין דעם תּפיסה-גרוב אַוועקגעשטעלט! אָפּ-צונאַרן די וועלט—טאָמער ווערט עמיצער עפּעס געוווּיר?... יאָ, אָט דאָס איז עס, אַפּנים... נאַט זעט, הייסט עס: מיר האָבן דאָך אַפילו בעטלעך פאַר זיי דאָ אַוועקגעשטעלט. וואָס-זשע, מיר זע-נען קיין מענטשן נישט? — — —

— אָ, ער איז אַזוי מיד!

ער האָט זיך אַוועקגעלעגט אויף אַ בעטל. איצט וועט ער אײַנשלאָפן. די אויגן האָבן זיך אים אַ מינוט צוגעשלאָסן — און זיך געעפנט. דאָ האָט ער זיך אויפגעזעצט אַ צעקאָכטער:

— ניין, ער וועט נישט אומקומען אַזוי-אָ, ווי יענער — זיכער נישט! וואָס שווייגט ער אַלץ, דער נאַר! וואָס לאָזט ער זיך אָפּ! וועט מורא האָבן אײַנצושטעלן צו רעדן צו די סאָל-דאַטן אַ וואָרט, און דאָ וועט זיך דער טויט רוקן נעענטער! וואָס-זשע, סאָלדאַטן זענען קיין מענטשן נישט? יאָ, ער וועט

אינדערפרי אַ רעד טאָן צו זיי. מ׳דאַרף נאָר וואגן... יענער, וואָס ער, שמעון, האָט אים מקבר געווען, האָט אויך מסתמא מורא געהאַט צו רעדן צו די סאָלדאַטן. נו, האָבן זיי אויך גע־שוויגן—און ער האָט געהאַט אַזאַ סוף. יאָ, מ׳דאַרף בלויז זיין פאַרזיכטיק: רעדן צו אַזאַ סאָלדאַט וואָס זעט אויס שטילער, פרידלעכער: דאָס וועט ער שוין דערקענען אָן יענעמס פּנים, און זיין קוקן—אפילו אין שפּאַנען... יאָ, אַזוי וועט ער טאָן.

— האַ? מ׳מעג דען צו דער וואַך רעדן? אפשר ווערן זיי בייז—און שיסן. ניין, וועט טאָן אַזוי: גאַנץ פרי וועט ער גוט דורכקוקן די וואַך, אויסקלייבן דאָס פּנים וואָס זעט אויס שטיל, אומשעדלעך, נאָכדעם זיך אַוועקשטעלן קעגן יענעם מיט בעטנ־דיקע אויגן, אים צייגן זיין קערפּער, וואָס דאַרט איין פון הונ־גער: ווי ער פּלאָגט זיך וואַרטנדיק אויף אַ ברעקל שפּייז, און אים בעטן נאָך עפּעס עסן — אָבער מער... די אויפרעגונג מיט אַ פּאָר טעג צוריק, נאָכן דאַרן ביסן ברויט, זענען דאָך פּשוט געווען אומדערטרעגלעך!... און אַבי יענער וועט עפּעס אַראָפּ־וואַרפן איין מאָל, צוויי מאָל, וועט ער שוין נאָכדעם אַלעמאָל רחמנות האָבן...

— יאָ, אַזוי וועט עס זיין! ווען-זשע וועט שוין ווערן טאָג? —

ער האָט זיך אויפגעהויבן פונם בעטל אַ דערמוטיקטער. די אידייע וועגן גוטן סאָלדאַט איז אים שטאַרק געפעלן. מילא וויפיל ער וועט שוין זיין דאָ — כאָטש נישט שטאַרבן פון הונגער. ער וועט עס טאַקע שוין אויספּרוּוון,—איז אים איינגעפאַלן. האָט ער באַלד זיך אַוועקגעשטעלט אָנגעשפּאַרט ביי אַ וואַנט, אויפגע־הויבן די בליקן צו די אויבערשטע גרוב-ברעגן: דאָס פּנים איז געוואָרן פול מיט קנייטשן און רחמנות-געבעט, און מיט איין האַנט האָט ער, מיט אַ פאַרמאַכטן מויל, געצייגט אויפן איינגע־פאַלענעם לייב.

און וואָס וועט זיין, אַז יענער וועט קיין מיטלייד נישט האָבן?... אָדער—מורא האָבן?...

ס׳איז דאָס פּוסטע תּפיסה אָרט פאַרזונקען געווען אין דער־

טויטער רויִקייט פון דער נאַכט, און די ווייטקייט העט-אַרום איז געלעגן מדברדיק-וויסט און שטום, אָט ווי יעדער לעבעדיקע ברואה, יעדער בוים, יעדעס שטיקל געוויקס וואָלט דאָ געבליבן שטיין אין הושך באַוועגלאָז, אָפּגעשטאָרבן. די סאָלדאַטן אויבן האָבן געשפּאַנט מיט זייערע פעסט-אָפּגעשטעמפּלטע, געציילטע טריט, און פונם גערויש פון די שטיוול-טריט איז די טיפע, מוראדיקע נאַכט-שטילקייט נאָך מוראדיקער געוואָרן. דער מענטש האָט אַרומגעשפּאַנט אַ פאַרפּלאָנטערטער אין שווערע, אומגעלומ-פּערטע געדאַנקען וועגן זיין לעבן, און צערדיק געערגערט זיך, זיך געראַנגלט אין אַ קלעם, ווי אַ פאַרשאָטענער ביז אונטערן האַלז, אונטער אַ שטיינער-באַרג. די הויכע ווענט און פלויטן זע-נען ענגער געוואָרן, און זיך אויפגעהויבן אין חושך, ווי אויס-טערלישע, שרעקנדיקע באַשעפענישן. וואָס אָט וואַרפן זיי זיך אַרויף אויף אים, צום דערשטיקן ממש:

— מיר האָבן דיך אַריינגעפּאַקט צווישן אונז... דאָ וועסטו אומקומען !...

— יאָ, ווען ער פאַרבלייבט אינדערהיים וואָלטן די על-טערן אים זיכער אויסגעהיט, — האָט ער אַ טראַכט געטאָן.

אַ בענקעניש צו דער לעבעדיקער וועלט האָט אים אַ ברען געטאָן. ער האָט זיך געגומען אַרומדרייען שנעל און ווילד-אומ-רויִק, זיך אַלעמאָל פאַרטשעפּעט אָן אַ בענקעלע, אַ שטיין, אַ גריבל, אָדער גאָר זיך אָנגעשלאָגן אָן אַ וואַנט, און נישט אויפ-געהערט נאָכטראַכטן וועגן דער ווייטער וועלט. און וואָס טוען זיי דאָרט איצט ?... די ווייטע, באַליבטע ערטער זענען געוואָרן אַלץ נענטער, געשטאַנען אָט-דאָ פאַר די אויגן.

— און מ׳ווייס אַפילו אין דערהיים נישט וויסן, ווו זיין געביין איז אַהינגעקומען.

אָט זעט ער די מוטער אויפן געלעגער. אין הויז איז שטיל. די מוטער ליגט אין גרויסן, הילצערנעם בעט, און קוקט אין דער פינסטער מיט פאַרזאָרגט-אויסגעשטאַרצטע אויגן צו דער וואַנט.

— דאָדל ! — רופט זי פלוצלונג — דו הערסט, דאָדל ? וואָס

וואָגסטו וואָס ס'איז שוין אַזאַ צייט פונם זון קיין בריוו נישטאָ? גאָט ווייסט, ווו אונזער זון איז שוין איצט.

— האַ? אונזער שמעון? וואָס רעדסטו, פייגע, איינמאָל מאַכט זיך, אַז ס'ווערט פאַרהאַלטן?

— ס'מאַכט זיך... אַז ווי מיינע יאָרן.

און דאָ צעוויינט זיך די מאַמע מיט אַזאַ ביטערן יאָמער־קול, אַז די קינדער כאַפּן זיך אויף דערשראָקענע, און לויפן זיך צענויף אַרום איר בעט: „הער־אויף, הער־אויף, מאַמע... כ'בעט דיך, אָט וועסטו אומיסטן זען: מאָרגן וועט זיין אַ בריוו". און מ'קען זי בשום אופן נישט איינשטילן... עמיצער האָט אָנגעצונדן דעם לאָמפּ. און אָט נעמט זיך דער טאַטע אָנטאָן צע־טראָגן־שנעל און איינגעהאַלטן, אָן אַ וואָרט,—און פּלוצלונג צע־כליפּעט ער זיך אויפן קול, און לויפט אַריין אין צווייטן צי־מער. דאָרט דרייט ער זיך שעהנווייז אַרום ווי אַ נאַכטוואַנדלער, קרעכצט אַ צערודערטער, אַ פאַרקלאָגטער, און האַלט אין איין אויען, זעצט זיך אַלעמאָל אַוועק ביים מאַשין מיט דער נאָדל אין האַנט—און די הענט זענען ווי געליימט.

דאָדל, לייג זיך שלאָפן,—רופט די מאַמע. ביסט אַ טאַטע פון קליינע קינדער, האָב אויף זיך רחמנות.

— נו, און דו? — ענטפערט אָפּ דער טאַטע — האָסט נישט קיין קליינע קינדער? שוין באַלד פון דיר גאָרנישט געבליבן...

שמעון האָט זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אַ פאַרזאָרגטער. די תפיסה־ווענט האָבן זיך ווידער אויפגעהויבן, און די ווייטע, ליכטיקע וועלט איז אינגאַנצן פאַרשטעלט גע־וואָרן. די שטומע, שוואַרצע גרויב־ליידיקייט דאָ, די פלאָגנדיקע קברים־בערגלעך, די העט־אַרומיקע פוסטקייט פון עפּעס טויטע ווילדערנישן, דער מאַטערנדיקער הונגער, וואָס נאָגט אים אויס, און די קומענדיקע טעג פון שווערע אומקום־ליידן — אַלץ האָט מיט אַזאַ מוראדיקער, קלאָגנדיקער מרה־שחורה דעם מענטש דאָס גאַנצע האַרץ דורכגענומען, אים צענויפגעדריקט און צונישט געמאַכט. ער האָט זיך אַזש נישט געקענט געפינען, שמעון. איצט איז ער געוואָרן זיכער, אַז ער וועט שוין דעם גורל פון די

עטלעכע פריערדיקע געפאַנגענע נישט אויסמיידן: יאָ, זיין סוף דערנענטערט זיך ביסלעכווייז.

האָט ער אַרויפגעקוקט אויבן צו די סאָלדאַטן:

— וואָס זאָגט איר? כ'האָב נאָך אויף וואָס צו האָפן?

איז געקומען אַן ענטפער, אָן ווערטער און שטרענג:

— טיפּ, טאַפּ! טיפּ, טאַפּ!

זיין סוף.

ער האָט אַ קוק געטאָן צו די קברים-בערגלעך, און אַלץ אין אים האָט אויפגעשוידערט:

— וואָס? בלייבן דאָ אין גרוב, ווי יענע? ווער-זשע וועט אים באַהאַלטן? ער איז דאָך דער לעצטער!...

ער האָט זיך שטאַרק צומישט. האָט זיך אַרומגעקוקט אַ פאַרציטערטער, ווי פון אַן אומגעריכטן גרויזאַמען קלאַפּ. דער לעצטער דאָ? וואָס-זשע וועט מיט אים זיין? אַ שוואַרצע האַנט האָט אין דער פינסטער געמאָלן דאָ-אַרום בילדער פון נאָך זיין טויט. ס'איז דאָך שרעקלעך! וועט זיך וואַלגערן דאָ, ווי אַ נבלה אין פעלד, און פון ערגיץ וועלן אָנקומען ווערים און פליגן און אַלערליי קריכנדיקע, אים אויסזויפן און צעגריזשן דאָס לייב, און טאָן מיט אים, וואָס זיי ווילן... און אָט ווי ער ליגט אַזוי, פליט פלוצלונג אָן אַ מחנה פייגל: זיי דערשמעקן דאָס הפקרדיקע מענטשן-פלייש, און טוען זיך אַ לאָז מיט אַ רוישיק-פריילעכן „קראַ-קראַ!" גלייך אין גרוב אַריין. תחילת פליען זיי אַרום, אַרום זיין קערפּער מיט אַביסל מורא און נאָכשפּירנדיק, באַלד אָבער שטייען זיי שוין אויף אים. זיי באַפאַלן מיט צעפּינקלטע תאוה-אויגן זיין פנים, און מ'הויבט אָן רייסן שטיקער. אַ פריילעך קראַקעריי הויבט זיך אויף. מ'שטופּט זיך אין אַ הורבע, מ'שפּרונגט מיט נייגיר און אומגעדולד איינער איבערן צווייטן, און יעדער איינער וויל געניסן פון דער אומגעריכטער סעודה. האָט איינער אָפּגעריסן אַ היבש שטיק פלייש, אַנטלויפט ער ערגיץ די חברים זאָלן נישט מאָנען קיין חלק. פאַלן אַלעמאָל פון דער לופטן, איבער דער גאַנצער לענג פון גרוב, אָפּגעריסענע אויער-שטי-קער, באַקן-פלייש, און בלייכע, אויסגעצויגענע הויטן וואָס שלעפּן

זיך נאָך אין דער לופטן אונטער די פויגלשע פּיסקעס—און דער קאָפּ זיינער אויף דר'ערד וואַרפט זיך אַרום אונטערן טומל פון דער לוסטיקער קאָמפּאַניע, וואָס פּראַווען פון זיין גוף אַ יום-טוב-סעודה:

— ווי-זשע דען? — ליאַרמען די פייגל, — אַז מיר פליען אַזוי טעג-לאַנג איבער די ווייטע פעלדער, און ס'שרעקן אונז אויף די וועגן אַזוי פיל מוראדיקע געשטאַלטן, אַז קוים וואָס מ'קלייבט אַ פּאָר טרוקענע קערנער אויף — איז דאָך אַ יום-טוב צו געפינען אַ הורבע מיט געשמאַקן מענטשן-פלייש! —

— פּיק-פּיק! קראַ — — !...

נאָכדעם וועלן רעגנס גיסן, מיאוסע טעג וועלן קומען, און ער וועט דאָ ליגן אין די צעפליקטע קליידער אין שמוץ אַ הפקרדיק-פּאַרלאָזטער, דאָס צעריסענע לייב וועט פוילן, און די טיפע אויסגעפּיקטע אויגן-לעכער וועלן תמעוואַטע-ערנסט אַרויפקוקן צום הימל—אויף חוזק.

וואָס טוט מען!—האָט זיך שמעון אויפגעכאַפּט אַ צעשראָ-קענער, ווי פון אַ קאָשמאַר. ער וועט וואַרטן ביז אין דער לעצ-טער מינוט? ניין, וואָס שנעלער! ס'ווערט שפּעט!— — —

ס'האָט געשאַריעט אויף טאָג.

שמעון האָט זיך דערמאָנט, אַז אין איין אָרט איז די גרוב-וואַנט מיט אַ סך לעכער. ס'איז פּונקט קעגן די קברים-בערג-לעך. אַנדערע האָבן זיך אַפּנים דורך דאָרט אַרויסגעראַטעוועט,— איז אים דורכגעפלויגן אין מוח. יאָ, מ'דאַרף עפּעס טאָן, איידער ס'ווערט צו שפּעט. אפשר וועט ער זיך באַלד באַפרייען? — —

ער האָט צוגעשפּאַנט אַהין אַ דערמונטערטער, געבליבן שטיין עקשנותדיק-אומרויק—און איינגעהאַלטן. די האָפענונג צו באַפרייען זיך איז געוואָרן אַלץ גרעסער. באַלד איז ער שוין געשטאַנען אויפן שפּיץ פון אַ בערגל, דורכדרינגלעך באַטראַכט די לעכער איינעם איבערן אַנדערען, און זיך געחידושט, וואָס ביז איצט איז אים דער פּלאַן אַרויסצוקריכן מיט אָט-די לעכער גאָרנישט איינגעפאַלן. ס'איז דאָך אַזאַ לייכטער וועג!... און דאָ האָט מיט אַ משוגע-ווילדן אימפּעט זיך אַ לאָז געטאָן פונם שפּיץ

בערגל אויף דער וואַנט אַרויף. דער אויפגייענדיקער פּרימאָרגן האָט שוין באַלויכטן דעם וועג. ער איז אַריין אין די לעכער מיט הענט און פיס, זיך אָנגעהאַלטן שטייף, עקשנותדיק, און זיך געריסן אַלץ העכער, העכער, מיט אַלע פאַרבליבענע כוחות. ער האָט זיך שוין אַ היפּש ביסל אויפגעהויבן. איצט האָט זיך אין אים אַ גרויסע פרייד צעשטראַלט: אָ-אָ, ווי גליקלעך כ׳בין! באַלד בין איך געראַטעוועט!..." ער וועט שוין וויסן אָט-דאָ אויבן וואָס צו טאָן... אַבי אַרויס פונם אומגליק — וועט שוין מסתם זיך אַרויסגעבענען אויבן דורכן אַרויסגאַנג... ער האָט געקלעטערט העכער און העכער, אַ דערשעפּטער, אַ שוואַכער און אַ שווערער, קוים מיטן אָטעם, און די אומגעדולדיקע, פרייד־לעך-וואָרפנדיקע הענט, האָבן געאַרבעט מיט אַלע כוחות, און זיך געמאַכט אַ וועג צו דער פרייהייט.

מיטאַמאָל איז איין פוס געבליבן הענגען אין דער לופט, און נישט געקענט געפינען העכער אַביסל אין וואַנט דאָס ליי-דיקע אָרט. האַלט זיך שמעון אָן מיט די הענט, וואָרפט אַרום אַ צעטראָגענער, און דער גאַנצער וועזן זיינער שרייט געוואַלד און יאָמערט, און — איז טויט-שטול אָן אָן אָטעם, ווי די וואַנט אונטער אים. אַ לענגערע צייט אַזוי. אַז ער האָט דעם לאָך אין וואַנט אַלץ נישט געפינען, איז ער געהאָנגען אַזוי אַ שטום-איינגעהאַלטענער, פאַרלוירן אין צער און פאַרצווייפלונג, און נאָכגעטראַכט וואָס צו טאָן. דאָ איז אים איינגעפאַלן: „אָ, העכער איז, אַפּנים, שוין מער קיין לעכער נישטאָ — אָדער זענען אַ תּל געוואָרן... נו, אונטן איז דאָך דאָ אַ ריסקל!..." איז ער באַלד אַראָפּ אויף דר׳ערד, רירעוודיק-פלינק אַ כאַפּ געטאָן געבן אַ בערגל דעם רידל, און אַ צעטומלטער זיך ווילד אַלאָז געטאָן צוריק אויף דער צעלעכערטער וואַנט אַרויף מיטן לעצטן, פלאַ-מענדיקן עקשנות.

מ׳האָט אויסגעשאָסן.

שמעון האָט אויפגעשריען און געפאַלן צו דר׳ערד. ער האָט נאָך אַ פּאָר מאָל אונטערגעהויבן דעם קאָפּ, זיך געריסן מיט די אָנגעשטרענגטע בליקן איבער ווייטע, טונקעלע וועג-

שטחים, צוגעקומען צו זיין היים און ציטעריק-נייגיריק אַ קוק-
געריין געטאָן אינעווייניק — און געבליבן ליגן אין אוממאַכט
אין די שיפּיטעס.

— דער לעצטער...

# שרעק

פאַרנאַכט האָט די מידע אינפאַנטעריע דערגרייכט דאָס פעלד הינטערן שטעטל, און זיך צעלעגט אָפּרוען.

מיטן אָנקום פון חושך האָט זיך הערשל לאַנדוי דערפילט אין טרויער, צעפראַלט די אויגן אויף דער שטאָט, און איז געוואָרן שטיל און אומרואיק:

— מיין היים-שטעטל... אפשר זאָל איך פּרוּוון אַנטלויפן אַהיים?—כ'גיי דאָך אין אַ מלחמה אַריין!...

פון שטעטל האָט זיך אויסגעצויגן אַ שטאַרקע, מאַגנעטישע האַנט, געדעגט און נישט געלאָזט איינרוען. אויפן פעלד איז שטיל געוואָרן. אַז די סאָלדאַטן זענען אַוועקגעפאַלן מיט די אויסגעמוטשעטע קעפּ צו דר'ערד, ווי דערהרגעטע, האָט זיך צו-זאַמען מיט דער נאַכט אַן עסנדיקע מרה-שחורה אַראָפּגעלאָזט און צעשפּרייט. האָט לאַנדוי איצט ווידער דורכגעלעבט די נויט און צעבראָכנקייט פון די שווערע, אומענדלעכע וועגן, געטראַכט פון דער נאָענטער היים, און ס'האָט געשראָקן דאָס, וואָס ס'וועט באַלד מוזן קומען. דאָ עפּעס איז ער מיטאַמאָל געוואָרן מוטיק: אַזוי ליגנדיק פלאַך אויפן רוקן, האָט ער אַ הויב געטאָן דעם קאָפּ, זיך איבערגעדרייט אויפן בויך, און געבליבן אָנגעשפּאַרט אויף ביידע עלנבויגנס. זיך אַרומגעקוקט דאָ און דאָרט טייוולש-פאָרזיכטיק און מיטן אָטעם קוים, האָט ער זיך עפּעס אַ ווײַלע פאַרלוירן, און באַלד זיך האַסטיק אַ הויב געטאָן:

— איצט! מיט אַלע כוחות!—

אַנטקייגן איז געשטאַנען די הײם.

אין דער ערשטער רגע ווען לאַנדוי איז שטיין-געבליבן אין דערהיים, אויף דער שוועל פון דער הינטער-טיר, געקוקט אַזוי צערודערט מיטן לאַנגן פּנים, און אין איין האַנט געהאַלטן די ביקס — האָבן זיך טאַטע-מאַמע האַסטיק אַ הויב געטאָן פון אַרום טיש בלייכע, צעטומלטע, און דאָס ערשטע וואָרט זייערס האָט זיך פאַרהאַקט אונטערן האַלז. ס'האָט דאָך פון טיף יאָ געשלאָגן אַ שמחה—אַ טאַקע אַן אויסערגעוויינלעכע, אויפשטראָמענדיק איצט מיט בענקנדיקן ברען און קאָך — די ווילדע דערשטוינונג, אָבער, פונם גאָר אומגעריכטן איז אַזוי שווער געווען צו באַהערשן, אַז מ'איז געשטאַנען, ווי אויסגעהאַקטע ביגורן, מיט פרעגנדיקע הענט אין דער לופטן, און אָנגעקוקט איינער דעם צווייטן, ווי אייז-פאַרהאַרטעוועט.

און פּלוצלונג — די מאַמע:

— הע—רשעלע! — — —

— הערשל, ווו קומסטו אַהער? — האָט דער פאָטער זיך שוין אויך אויפגעריירט.

די מוטער איז געבליבן ליגן מיטן קאָפּ אויפן זונס האַלז.

— ש—ש... לאָז זיין שטיל,—האָט לאַנדוי געבעטן.

ער האָט זיך שרעקנדיק אָפּגערוקט פון דער טיר.

מ'איז אַריין אין הינטערשטן צימער אין פיינלעכער צעטראָגנקייט. הערשל האָט דערציילט, אַז דאָס פאָלק האָט זיך אָפּגעשטעלט דאָ נישט ווייט הינטערן שטעטל. האָט מען זיך אַרומגעקוקט מיט דערשראָקענע חשד-אויגן: ס'לויערט נישט עמיצער? —מ'האָט איינגעדרייט די צו גרויסע ליכט, און די פאָרהענגלעך איבער די פענסטער זענען געוואָרן ברייטער.

האָט שוין דער זון אַרויסגערעדט עפּעס מער:

— זיין פאָלק האָט זיך אָפּגעשטעלט נאָר אויף איבער נאַכט—מאָרגן גייען זיי ווייטער... גלייך צום פראָנט, גייען זיי... אַז מ'האָט זיך אָפּגעשטעלט הינטער דער שטאָט און ער האָט דערזען די הײם, האָט עס אים אַ ריס געטאָן ווי מיט צוואַנגען.

ער האָט עפּעס אַזוי מורא צו גיין אין פייער אַריין... ער ווייסט נישט וואָס ער זאָל טאָן...

-- וואָס-זשע דערפסטו אַזוי ציטערן, קינד?

— דאַכט זיך מ׳האָט מיר נאָכגעשפּירט, טאַטע.

די פאַמיליע האָט קוים געריררט מיט אַן אבר. די עלטערן זענען געזעסן אָנגעגליווערט מיט שרעק, און געקוקט מעלאַנכאָליש אויפן מאָגערן, ליידנדיקן פּנים פון זייער אייגן בלוט. שטיל געוועןָ. ס׳האָט זיך געדרייט אין מוח: „פאַרוואָס זאָל מען טאַקע דעם זון אַוועקלאָזן אין פייער אַריין? אפשר קען מען פּאָרט געפינען אַן עצה?" און מ׳האָט זיך נישט געקענט אַ מינוט באַרוּיקן. האָט זיך אינאיינעם מיטן פיינלעכן נאָכטראַכטן און שטילקייט פאַרמערט די אומעטיקע שטוב-טונקלקייט, מ׳האָט דערזען די גרויל-בילדער פון יענע פאַרשאָלטענע, פאַרבלוטיקטע פעלדפלאַכן און גראָבנס, ווו ס׳פאַלן אוממעכטיק מענטש נאָך מענטש, און מ׳האָט זיך געריסן פונם אומגליק.

— אָ, ווי מ׳קען נישט אַרויסקריכן! —

— דער עיקר איז איבער נאַכט,—האָט לאַנדוי זיך פלוצלונג דערמונטערט,—און אַזוי צעטומלט אומגעקערט דעם קאָפּ צו דער טיר.

— שאַ, הערשעלע,—איז דער מוטער איינגעפאַלן,—ווייסט וואָס? אפשר איז אַ פּלאַן זאָלסט זיך באַהאַלטן אין קאַמער?

— דאָס בעסטע אָרט אויף איבער נאַכט, — האָט דער פאָטער מענעריש-זאַכלעך עס באַשטעטיקט, — און אין דערפרי וועלן מיר זען ווייטער.

שטילערהייט האָט מען אָפּגערוקט די הויכע קליידער-שאַפע, און מיט ציטערדיקע הענט געעפנט די הינטער-טיר, וואָס גייט אַרויס אין קאַמער אַריין. דער ערשטער איז מיט די צוויי טרעפּ אַראָפּ דער פאָטער, און אונטערגעהאַלטן דעם זון, ער זאָל אַראָפּ, אַז אַ שאָרכעלע זאָל זיך נישט הערן.ביידע זענען שטיין-געבליבן אונטן, ווי אין אַן אָפּגרונט, און געקוקט צו דער אָפּענער טיר. די מוטער איז זיי נאָכגעגאַנגען. אַז זי האָט אָבער אַראָפּגעקוקט, און גאָרנישט דערקענט, איז זי אַוועקגעלאָפן מיט

שטומען צער נאָכן לעמפּל, ווייל דער זון זעט נישט די וועלט.
— אָ-דאָרט, אין דער זייט, — האָט די מוטער קוים צום הערן צוגעפּליסטערט.

האָט מען געקליבן די פּאָר טריט, ווי אַ לאַנגן דערנער-וועג. אַז מ׳האָט דערזען אין ווינקל דעם גרויסן, הילצערנעם וועש-קאַסטן, האָט מען זיך אַזש געטרייסט אין מחיה געווען: ס׳וועט דער אומגליקלעכער כאָטש האָבן, ווו אַן אבר אָנצו-שפּאַרן... און מיטן טאָג וועט מען זיך שוין געבן אַן עצה".

— ש-ש... כ׳בעט אייך... גייט שוין אַוועק... אַלע... פאַר-לעשט דאָס ליכט...

און אַז די זאָרג און שרעק פון די שטוביקע פאַרן אוי-סערגעוויינלעכן, וואָס קען, חלילה, איצט אָניאָגן אין הויז אַריין אין דער בייזער שעה, האָט זיך שוין אָנגעקליבן אין די לייבער אַזוי שאַרף און דריקנדיק, אַז איבערן קערפּער זענען אַלץ ווי צעשאָטענע, שניידנדיקע אייז-ברעקלעך אַרומגעקראָכן — איז דאָס אָרט שוין געוואָרן צו ענג און מוראדיק. האָט מען זיך איינגע-קאָרטשעט ווי די איגלען, און מיט טרויער-בליקן האָט מען זיך אָפּגערוקט אין שטוב אַריין.

אַליין.

לאַנדוי האָט דורכגעקוקט דעם חושך, געטאַפּט דעם וועג, און זיך אַראָפּגעזעצט אויפן נידעריקן וועש-קאַסטן.

און טאַקע באַלד ווי נאָר די שוך פון אַנדערע אַרום אים איז שוין מער נישט געווען, האָט ער זיך אַריבערגעטראָגן מיטן גאַנצן וועזן, צו די שווערע שרעק-איבערלעבונגען פון פריער, לויפנדיק אַהיים. האָט זיך געכאַפּט: פריער אַנטלויפנדיק פון דער אַרמיי איז אים, דאַכט זיך, נאָכגעלאָפן עפּעס אַ פיגור. ווי זי האָט זיך דאָס נאָכגערוקט אַזוי פּאָרזיכטיק אין חושך! פּונקט עטלעכע טריט הינטער די פּלייצעס... די גאַנצע צייט אַזוי אים נאָכגעשפּיאָנירט: טראָט, טראָט — און געשלאָגן אויף אים מיט פּחד. אין הויז איז ער אַריין מיט אַ צעשראָקנקייט—קוים מיטן האַרץ אין זיך. אָבער, נאָר דערזען די עלטערן, האָט זיך עפּעס

זוי אַ פעסטונג אויפגעהויבן. ער האָט גאָר ווי פאַרגעסן דאָס דרויסנדיקע!

— יענער מוז נאָך דאָ אודאַי ליגן און היטן, — איז די שרעק צוגעטראָטן. מסתמא זיך באַהאַלטן ערגיץ ביים טויער...

ער האָט זיך אָנגעשטרענגט, ער זאָל זיך נישט טאָן קיין שלעכטן ריר, און זיך שטיל איינגעהערט: ווו אַ שטייגער שטייט ער איצט, דער שפּיאָן? וואָס טוט ער איצט? — — —

זיין נאָכלויפן ליגט אים נאָך אין האַרצן: קלענערע טריט — האָט יענער אויך די טריט איינגעהאַלטן, שטיל, שטיל, ווי אָט פאַלט יענער פּלוצלונג אַרויף אויף אים — און אַ סוף! האָט ער זיך פאַרדרייט, פאַרקרימט, זיך באַהאַלטן אין אַ הינטער-געסל הינטער אַ וואַנט, און אַ ווײַלע צוריקגעקוקט צו יענעם אין דער פינסטער — האָט יענער אויך זיך באַהאַלטן, און טייוולש ווייטער נאָכגעשפּיאָנירט. וואָס האָט יענער אים נישט נאָכגעטאָן? — איצט האָט ער זיך באַהאַלטן ווי גאָר נישטאָ, און וויל אויסשפּירן זיין אָרט... ווו-זשע האָט ער זיך ערגיץ פאַררוקט? —

אַ קורצע צייט איז ער געבליבן פאַרטראַכט, טיף אַריינ-קוקנדיק ערגיץ מיט אויסגעגלאָצטע אויגן. נאָכדעם האָט דאָס פּנים זיך מיאוס צעקרימט, און אומרויִק זיך אַרומגעקוקט, ווי נאָך אַ בייזן חלום. וואָס זאָל ער טאָן? — דאַ האָט ער געפּרווט זיך אויפהויבן פונם וועש-קאַסטן, זיך, שוין שטייענדיק, לייכט אַ טרייסל געטאָן, און אומגעפאַלן הינטערוויילעכטס.

פאַרשאָלטענע אומפאַרזיכטיקייט! דער פאַל איבערן קאַסטן איז געווען אַזוי רוישיק, אַזוי טומלדיק — זיכער האָט יענער דערהערט! ער איז געוואָרן מאָדנע צעטראָגן, אַרומגעלאָפן מיט די צעפּראַלעטע אויגן איבער די ווענט פון קאַמער, און זיך אָפּגעשטעלט אויפן איינציקן פענסטער.

— האָט יענער נישט געפינען שוין זיין באַהעלטעניש? —

ער איז איינגעהאַלטן צו נעענטער.

אויפן הויף האָט געהערשט די טיפע נאַכט-פאַרשטומטקייט. שטיל פאַרזונקען אין זיך האָט אין דער מאַטערנדיקער פינס-טערניש זיך באַהאַלטן ערגיץ אַ געהיימניספולע, ריזיקע פיגור,

אָנגעלאָדן פול מיט בייזע אויפרייס-כוחות. האָט דאָ ציטעריק אַן אויג פון אַ דערשראָקענעם מענטשן שטאַר אין חושך אַריינגע-קוקט, און געוואַרט אויף עפּעס — איז די ריזן פיגור געשטאַנען אַן אויפגערירטע, און באַלד זיך געדאַרפט אויפן מענטשן אַלאָז טאָן, ווי דער מוראדיקער שונא אין אָנפאַל.

— צו—שטערן !...

לאַנדוי האָט גנביש אויסגעפּאָרשט דורכן פענסטער דאָס הויף, און זיך געערגערט איבער יענעם אונטערגעשיקטן צו-להכעיס-אוממענטש, וואָס באַהאַלט זיך און נאַרט אים אָלץ. צו וואָס נאָך אָפּנאַרן? ער ליגט דאָך דאָ אַרום ערגיץ באַהאַלטן — און וויל אים כאַפּן. ער ווייסט דאָך עס, לאַנדוי! וואָס-זשע פאַררוקט זיך יענער אין דער פינסטערער טיפקייט? ער מיינט, אַז ער האָט אים נישט דערקענט אין זיינע לייכטע, קעציש-נאָכ-שפּירנדיקע טריט, נאָך ווען ער איז אים נאָכגעלאָפן? ער וועט מסתּם באַלד אונטערקומען אַהער אומגערעכט...

האָט ער שטייענדיק ביי אַ זייט פענסטער אָפּגעווישט אַ ברעג, און מיטן קאָפּ אויף אַ זייט, זיך אַ קלאַפּ געטאָן אַהין מיטן שטערן, ווי צום אויסברעכן.

— ווו איז ער איצט?

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ פונקט:

— ווער איז דאָרטן? הינטן אין גערטנדל אויף דער פריז-בע, נעבן גראָבן נוסבוים—נישט יענער זיצט דאָרט? —

האָט זיך איינגעקוקט אין דעם מענטשן פאַרציטערט און דורכדרינגלעך געוואָרן וואָס אַמאָל זיכערער, און דערווייל זיך געהיט, אַז יענער זאָל אים נישט דערזען. וואָס וועט זיין? זיצט יענער און היט אים, אַז ער זאָל אַרויס אויפן הויף — צי ער האָט זיך אונטערגעקוקט און ווייסט שוין זיין באַהעלטע-ניש?... האָט ער איינגעבויגן די קני, געוואָרן נידעריקער, און נאָר געלאָזט די צוויי שפּיזיקע אויגן זיינע אָנגעשטעלט עטוואָס העט-אונטן אויפן שויב-ברעג.

— יענער זעט אים נישט? יאָ, דאַכט זיך, ער קוקט גלייך צום פענסטער... ס'אַראַ ווילדע בליקן!...

איז אָט אַזוי ווי לאַנדווי איז געשטאַנען ביים פענסטער, די קני געבויגן, אַזוי האָט ער זיך פלוצלונג אַ וואָרף געטאָן אויף צוריק—און ווי דער שונא וואָלט שוין געקומען צוקומען נעענטער, אָט עפנט ער די טיר, אַזוי האָט ער זיך אַ דריי געטאָן פלינק ווי אַן אפע, און געפאַלן מיט די הענט צו דר׳ערד. האָט ער זיך שוין גאָר צעשראָקן. האָט ער אַזוי אַ קריך געטאָן און טומל עטלעכע טריט, זיך עטוואָס אונטערגעהויבן, און, געבויגן אין דרייען, זיך געצויגן אין דער פינסטער צום פריערדיקן ווינקל, ווי צו אַ זיכערן רעטונגס-פּלאַץ.

אַ שוץ, אַן אינהאַלט געפונען! ער האָט זיך מורא געהאַט אויפצוהויבן. איז געזעסן אויף דער ערד אַ פאַרגלייווערט געוואָרענער, זיך צוגעהאַלטן מיט ביידע הענט אָנ׳ם וועש-קאַסטן הינטער די פּלייצעס, ווי אָן אַ שטאַרקער, באַפעסטיקטער פּאָזיציע — און פונם פחד נישט געקאָנט פטור ווערן. מיט אַן אויסערגעוויינלעכער שרעק האָט ער געדרייט די צעהיצטע אויגן צום פענסטער: יאָ, דער אומגליק קומט צו נעענטער... ווו-דען, אַז ער האָט זיך אַזוי ברייט און פריי אָוועקגעשטעלט איבערן גאַנצן פענסטער, האָט אים יענער נישט באַמערקט?... יענער זיצט דאָך אומישנע אַזוי פּלאי-ידע׳דיק-שטיל אין אַ ווינקל — מיטאַמאָל וועט ער אָנפאַלן! ווער ווייס, צי ער האָט נישט הינטער זיך נאָך עמיצן? אַ רוף—און ער איז פאַרלוירן! — — —

— דאַכט זיך, ער גייט... איז זייער פאָרזיכטיק — נאָר ס׳רוישט פאָרט...

אַ לייכטן קלאַפּ אין פענסטער.

לאַנדויס קערפּער האָט אויפגעשווידערט. האָט ער זיצנדיק אויף דר׳ערד געפּרוווט זיך אַ רוק טאָן טיפער-צו, ווייטער פונם אומגליק, און נישט געקאָנט. האָט ער זיך אַ הויב געטאָן איבערן קאַסטן, אויסגעצויגן דעם קאָפּ מיטן פאַרקרומטן פּנים צו דער זייטיקער וואַנט מיטן פענסטער, און געציטערט מיט בקשה: „כ׳בעט—ט אייך, לאָ—זט מיך אָפּ...“ די שרעק פאַרן קלאַפּ איבערן פענסטער אים אַ כאַפּ געטאָן מיט אַזאַ קראַפט, אַז גלייך

מיטן אָנקום איז דער קאָפּ ביים מענטשן צעהיצט געוואָרן מיט איין געדאַנק:

— פאַרפאַלן... יענער, דער אַלמעכטיקער איז שוין צוגעקומען—וועט אים באַלד אומברענגען...

— טיק—טיק!...

דער סאָלדאַט האָט איבערגעדעקט זיין פּנים מיט די צען פינגער.

אַז דאָס רוישן האָט נישט אויפגעהערט — אַ קלאַפּ, טויט־איינגעשטילט, און ווידער אַ גערויש, פול מיט רייץ און צאָרן, האָט דער פאַרפאָלגטער זיך פאַרלוירן, אַרומגעוואָרפן זיך אַהין־אַהער, זוכנדיק אַן אויסגאַנג, און געטראַכט, ווו ער זאָל זיך פאַרגראָבן. וואָס זאָל ער טאָן? — רוען איז שווער געווען. און דאָס קלאַפּעריי ביי דער זייט איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער, אויפרעגנדיקער און צו־להכעיסדיקער, און די פינגער איבערן פענסטער זענען געוואָרן עפּעס אַזוי פיל, אַזוי פיל... וואָס איז דאָס? שוין נאָך אונטערגעשיקט? צוגעקומען הילף? וואָס איז דאָס פאַר אַן אומגליק, בייזער שיקזאַל מיינער! —

דאָ איז דער גערויש שטיל געוואָרן.

— זיך ווידער באַהאַלטן? כאַ־כאַ!

פאַרזיכטיק, מיט שאַרפע, פייערדיקע נאָכשפּיר־בליקן, האָט לאַנדוי, אַן איינגעבויגענער, אַ פּאָר שפּאַן געטאָן פאָרויס און זיך אַראָפּגעלייגט אויף דר׳ערד אויסגעצויגן מיטן פּנים אַראָפּ, ווי זיך באַגראָבנדיק אין אַ טיף. דאָ האָט ער זיך באַלד אַ כאַפּ געטאָן: וואָס טוט ער? דער שונא קען דאָך יעדער מינוט אַריין און גלייך אַרויפשפּאַנען! האָט ער זיך מיטאַמאָל אַ הויב געטאָן, און אַ ווילע געשטאַנען ווי אַ גולם מיט אַ תּמעוואַטע פּנים. נאָכדעם האָט ער אַריינגעקוקט אין חושך, און זיך דערמאָנט אין דער אַנטקעגנדיקער טיר.

ווי־זשע איז דאָס פּלוצלונג געשען? אין אַ קורצער רגע איז צו צום מוח אַ קלאָרער געדאַנק, ווי אַ שטראַלנדיקער ליכט־פּאַס אין אַ פינסטערער צעל אַריינגעריסן.

די אידייע איז אַריין אַזוי:

מיט די טרעפּ אַרויפשפּאַנען אין דער פינסטער גלייך אין הויז אַריין — דאָס וועט ער איצט נישט איינשטעלן. און טאָמער פאַלט ער?... ער וועט אַרויס מיט דער אַנטקעגנדיקער טיר, און איבערן הויף איינגעהאַלטן גלייך אַריבערלויפן דאָ באַלד צו דער הינטער-טיר. טאַטע-מאַמע שלאָפן נאָך מסתם נישט... די טיר קען זיין אָפן...

— נו, גלייך אַרויס! — — —

אונטערן פלוצלונגדיקן, ווידער-אויפגעוואַכטן גערויש פונם פיינדלעכן נאָכשפּירער און אַן איבערשרעקנדיק זשומעריי פון נאָך עטלעכע טומלער, איז לאַנדוי צוגעשפּרונגען צו דער טיר. ער האָט זיך שוין אָבער נישט געקענט צוריקהאַלטן: ווייטער! ווייטער! זיך ראַטעווען!... און — אַזוי מאָדנע! ער איז דאָך צוגעלאָפן אָט גלייך צו דער טיר, האָט זי דאָך אפילו דורכגעזען אין דער טונקל — און קען זי נישט געפינען! — וווּ איז די טיר? ווי אַזוי עפנט מען? — וווּ איז דער דרויסן? — פאַר די אויגן האָט זיך אַ דריקנדיקער נעפּל איבערגעצויגן, אין קאָפּ האָבן עפּעס ווי מאַשינען זיך צעלאָזט, און ס'האָט דער מענטש זיך שרעקלעך אויפגערעגט. האָט ער זיך געשפּאַרט מיט אַלע פאַרבליבענע כוחות אין דער לופט אַריין, אין די ווענט, אַרומגעלאָפן איבער דער קאַמער און מיט די הענט געטריבן פון זיך די נאָענטע נאָכלויפער, וואָס אָט-אָט קומען זיי צו, און אין קאָפּ האָט געקלאַפּט די מורא פאַר דעם בייזן מיט זיינע העלפער וואָס כאַפּן אים באַלד.

אָט עפנט זיך די טיר. וואָס, זענען שוין דאָ? ווי אַזוי אַנטלויפט מען?... און—ווער וויינט דאָס אַזוי ביטער?...

די מוטער איז אַראָפּ די טרעפּ מיט אַ שוואַך-אָנגעצונדן לעמפּל:

— וואָס איז מיט דיר, מיין קינד?

— מ'זוכט מיך! מ'גייט נאָך מיר, מאַמע!

— ווער זאָגט? ס'גאָרנישט, נאַרעלע!

— כ'הער מ'רעשט!

— מ'רעשט נישט, קינד. ס'האָט זיך דיר אויסגעוויזן...

פון שטויב האָסטו אפשר אריינגעהערט: מיר האָבן זיך געלייגט שלאָפן... און איך בין שוין אין דער פינסטער פריער געפאַלן אויך... האָב נישט מורא, זון מיינער!

זי האָט באַהאַלטן דאָס לעמפל אין אַ ווינקל, און זיך אוועקגעזעצט נעבן איבערגעשראָקענעם אויפן קאַסטן. מוטערלעך־צאַרט אַרויפנעמענדיק זיין מידן קאָפּ אויף אַן אַקסל אירן, איז זי שוין אַזוי־אָ געבליבן זיצן מיט אים אַ פאַרווייטיקטע ביזן אויפגייענדיקן טאָג...

# שטראָף

## א.

אַ קליין שטעטל אין בעסאַראַביע.

אין שטילע צייטן הערשט דאָ רו און פרידן. די מענטשן זענען דאָ געזונטע און פריילעכע. זיי שפּאַנען אַרום אויף דר׳־ערד צופרידענע, ווייצלען זיך און לאַכן פריי ווי קינדער, מיט מונטערע, אויפגעלייגטע פּנימער, און אין די אויגן, וואָס קוקן אויף דער גרויסער וועלט פאַרגאַפט און עניוותדיק, ליגט אַ האַר־ציקע דאַנקבאַרקייט. און ס׳איז קיין חידוש נישט: זיי וווינען דאָ אויף פעטער ערד, די מענטשן. גאָט האָט געבענטשט דעם טאָג, ווען אַהער אין שטעטל זענען אַמאָל, אויף ליידיקן לאַנד, עטלעכע אָרימע יידישע גלות־וואַנדערער אַראָפּגעקומען, אַרומ־געשפּאַנט פאַרלוירענע אונטער פאַרשטויבטע קלומעקלעך איינ־געבויגן, צולעצט זיך אַרומגעקוקט אויף דער פוסטער, רויער ערד, און פאַרמאַטערטע אויף אַ בערגל ערד זיך אַראָפּגעזעצט:

— נו, ברידער... אָט דאָ דאַרף מען נעמען בויען אַ ניי לעבן.

איצט איז דאָס אָרט שוין היפּש אויסגעוואָקסן—אַ שטעטל געוואָרן. די היימען זענען אָנגעפּילט מיט זשום און געלעכטער. געזונטע, זאַטע טאַטע־מאַמע שעפּן נחת פון זייערע זין און טעכ־טער, וואָס וואַקסן דאָ אויס אויף פרוכטבאַרער ערד מיט בלוט־רויטע פּנימער, ברייט און קרעפטיק. אַ מחיה אויף די יורשים

א קוק צו טאָן, — טראַכטן די טאַטעס. און מ'וועט שוין באַלד נישט דאַרפן אַליין האָרעווען — ס'וואַקסט-אונטער הילף. זיצן זיי, די טאַטעס, אין די שיינע אָוונטן באַלעבאַטיש-ברייט אינ-דרויסן ביי די צעפראַלטע טירן אַרויטגעזעצט, און קוקן פאַר-חלומטע אין דער ווייטער וועלט אַריין:

— אַ דאַנק דיר, רבונו-של-עולם, פאַר אַלע דיינע חסדים...

און אַרום שטעטל — די פעלדער. שיינע, פרוכטבאַרע פעלדער. דער גרונט איז דאָ פעך-שוואַרץ, ווייך און זאַפטיק. פרעכטיק און טיף שפרייט זיך אויס דאָ דער העל-בלויער הימל איבערן קאָפּ. און טוט אין דער גויטיקער צייט אַ שפריץ אַ טראָפּן רעגן, איז שוין די לופט מיט געשמאַקע ריחות אָנגע-פילט, און די ערד ווערט אַזוי שטיל, אַזוי צניעותדיק איינגע-האַלטן: וואַרט אַ פאַרבענקטע אויף דער זיסער שפע פון אויבן. דאָ אַהער אַז דער ווינט פאַרטראָגט ערגיץ אין אַ ווינקל אַ קליין קערנדל — האָט זיך באַלד צעעפנט דאָרט די וואַרעמע מאַמע-ערד, און ס'הויבט שוין אָן צו בליען אין אַ ווינקל אַ נייע שפע.

קוקט דאָ דער פויער אַרום זיך מילד און גוטמוטיק:

— מיט וואָס זאָל איך דיר אָפּדאַנקען פאַר דיין גוטס, טאַטע אין הימל?

ברענגט ער אין די גרויע פרימאָרגנס אין שטעטל אַריין די פרוכט פון זיינע פעלדער, גערטנער און בהמות, גיט זיי אַוועק וואָלוול און האָט הנאה: פאָרט ער מיטן וואָגן פרוכט און הינטערן שטעטל פאַרהאַלט אים אַ ייד — אַ סוחר און בעט אים: „הער, האַספאַדאַר, וואָס דאַרפסטו זיך אַרומשלעפן? פאַרקויף בעסער, פאָר דיר אַהיים, און, וועסט זען: דער גוטער גאָט וועט דיר אָפּגעבן״. גייט עפּעס דעם פויער דורך אַ ציטער אין האַרצן. דינגט ער זיך אַביסל — און גיט זיך נאָך דעם יידן.

און דאָס שטעטל לעבט צופרידן.

---

בארג-ארויף, אין דער הויפט-גאַס, צווישן די לעצטע היי־
זער פון שטעטל, שטייט אַ גרויסע פריציש הויז. אָפּגעטיילט אַ
היפּש ביסל פון אַנדערע שטיבער, זעט זי אויס, ווי זי וואָלט
אַראָפּגעקוקט מיט איר הויך און ברייט אויף די פשוטע הייזער
מיט באַלעבאַטישער גדלות: „נו? ווי געפעלט אייך עפּעס מיין
רייכקייט?" ס'גלאַנצן דאָ די ווענט מיט זייער ווייסקייט, אויס־
געפּוצט און יום-טובדיק, שטייען הויך און נגידיש-שטאָלץ, און
די פיין-געשניצטע טירן און פענסטער פאַרכאַפּן דאָס אויג.

דאָס רייכע הויז האָט אַמאָל געהערט צו דעם שטאָלצן,
יחוסדיקן שטאָט-גביר זיידל גאָלדענבערג. איצט וווינען דאָרט
זיינע יורשים: דער אינזשיניער מאָריס גאָלדענבערג און זיין
פאַמיליע.

אין שטעטל האָבן די גאָלדענבערגס מיט קיינעם זיך נישט
אָנגעקערט. מאָריס איז געוואַקסן און דערצויגן געוואָרן אין דער
גרויסער שטאָט און געקומען אַהער וווינען שוין אַלס אַ פּאַרהיי־
ראַטער: איז דאָס שטעטל אים געבליבן פרעמד. און ס'איז טאַ־
קע נישטאָ דאָ מיט וועמען זיך אָנצוקערן, — דענקט מאָריס.
אַז די יונגע מאַדאַם קומט אַמאָל אַראָפּ מיט דער דינסט אין
מאַרק אַריין, גיבן זיי איר אָפּ פּונקט אַזאַ כבוד ווי סיי-וועלכער
פּראָסטער יידענע, אָט די קליינשטעטלדיקע אַזיאַטן. נו, איז
דאָס אַ יושר? צי אַז זיי גייען פאַרביי זיין הויז, ווען ער שטייט
אויפן גאַניק, נעמען זיי אַפילו נישט אַראָפּ דאָס היטל פאַר אים,
און גריסן זיך נישט, די מערזאַווצעס!...

די ערשטע צייט, נאָך זיין אַראָפּקומען אַהער, פלעגט ער
שיער פּלאַצן פאַר פאַרדרוס:

— נו, בעלאַ, וואָס זאָגסטו אויף די קליינשטעטלדיקע
סקאַנדאַליסטן?

און די יונגע מאַדאַם פלעגט אָנבלאָזן די פּוכיקע
בעקלעך:

— וואָס-דען? כ'זע דען נישט, אַז ס'נישטאָ דאָ מיט וועמען זיך צו באַגעגענען?

— זיך באַגעגענען מיט זיי? כאַ-כאַ!...

אַמאָל, אַ שטייגער, אַז די רייכע באַלעבאָסטע גייט אַראָפּ אין גאַס אַריין איינקויפן ביי די גויעס, גייט עס צו אַזוי:

אונטערן משופּעדיקן באַרג, ביי די ערשטע קלייטן, זיצן אויסגעזעצט אויף ביידע זייטן וועג פויערטעס, מיט גאַנצע אויסשטעלונגען פון דאָרפס-ווירטשאַפט אויף דר׳ערד: אייער און הינער, פּאַפּשוי-מעל, האָניק, מילך, קעז און פּוטער — פון אַלעם גוטן. ס׳איז גאַנץ פּרי. אַ קונה ווייזט זיך נאָך זעלטן. זיצן די פויערטעס אויף דער הוילער ערד, קוקן שטילערהייט אויף אַלע זייטן און זוכן אַ קונה, און זענען שטאַרק אומגעדולדיק: וואָלטן זיך שוין וועלן אומקערן אַהיים צו דער דאָרפס-ווירטשאַפט — אַזויפיל אַרבעט פאַראַן. דאָ דערזעען זיי ווי באַרג-אַראָפּ גייט די מאַדאַם גאָלדענבערג מיט איר דינסט. די גויעס ווייסן שוין, אַז די רייכע פרוי קויפט אַסך און דינגט זיך נישט. הויבט זיך אויף אַ יראת-הכבודיק שושקעריי:

— אוטי שיני ויני! מאַדאַמו גאָ׳נבערג! *)

די פרוי קויפט איין. די סחורה קלויבט אויס די דינסט, און זי, די באַלעבאָסטע, צאָלט. זי דינגט זיך נישט. זי קאָן נאָר נישט פאַרליידן וואָס די פויערטעס רעדן אַזויפיל צו איר, לויבנדיק זייערע סחורות:

— לאָז זי שוין אַמאָל צומאַכן דעם פּיסק, די פּוסטע מאָלדאַוואַנקע. כ׳דינג זיך דען מיט איר?

און אַזוי-אָ אין די יידישע קלייטן אויך:

— גאָט מיינער, זאָגט מיר שוין וויפיל ס׳קומט אייך... סטראַנני טשעלאָוועק **) !...

בלויז חיים-בער גראָסמאַנס אַכסניה האָט געהאַט מזל צו די גאָלדענבערגס. דאָ האָט זיך אַלעמאָל אַ געשמאַק ביסל משקה געפינען. דער אינזשיניער האָט עס נישט פיינט געהאַט. אָט צוליב דעם גוטן ביסל משקה האָט ער, מאָריס, אָנגעהויבן בשתיקה אָפּט זיך אַריינצוגנבענען אין חיים-בערס אַכסניה, און מיט דער צייט דאָ געוואָרן אַ היימישער מענטש.

---

*) זעט-נאָר, ווער ס׳קומט! מאַדאַם גאָלדנבערג!

**) אַ מאָדנע מענטש.

שיינדל, חיים-בערס ווייב, אַ הויכע, פעטע יידענע מיט אַ שיינעם, געזונטן אָבער צופיל אָנגעבלאָזענעם פּנים, מיט אַ גלאַט צונגל און אַ ביטרע, זיס שמייכעלע, פלעגט אַריינגעמען דעם רייכן יונגערמאַן דורך דער הינטער-טיר פון הויף, אין אַ באַזונדער צימער אַריין:

— ווו־דען? אייך, גאָספּאָדין גאָלדנבערג, וועל איך לאָזן זיצן אין פּראָנט-צימער גלייך מיט אַלע? ניין, מיין טייערער! צו-קליין פאַר אַזאַ מענטשן ווי איר... וואָס-זשע, מיר קענען אייך נישט? מיר ווייסן נישט ווער איר זענט?

און ער, דער חשובער יונגערמאַן, האָט אין באַזונדערן צימער רויִק און באַקוועם אַ פוס איבער אַ פוס איבערגעוואָרפן און גענומען זופּן די משקה. ער איז געזעסן פאַ־טראַכט, אַזוי פאַרטראַכטערהייט הנאהדיק געזופּט דעם ווײַן און הויך גע־סמאָטשקעט מיט די ליפּן, און אַלעמאָל די פאַרנעצטע, קורצע, בלאָנדע וואָנסעלעך אַרויפגעדרייט שענער אַביסל. אַזוי יעדן טאָג אַ פאָר שעה. ביי יעדן ניי-אַריינגעבראַכטן פלעשל האָט ער צוגעצויגן צו זיך די הויכע, פעטע שיינדל מיטן שמייכלענ־דיקן פּנים, און איר גאַנץ געשמאַק אַ טאַפּ געטאָן ביים פולן, געדיכטן בוזעם — און ווידער געטרונקען.

שפּעטער איז ער שטילערהייט אַוועק דורכן הויף.

און אַזוי האָט דער אינזשיניער זיך געלעבט: געטרונקען כמעט יעדן טאָג ביי חיים-בערן אין אַכסניה, געלעבט אַ פריי־לעכן טאָג אויפן חשבון פון דער גרויסער, רייכער ירושה: אָפּט אינדערהיים געפּראַוועט נאַכט-הוליאַנקעס פאַר געסט פון דער גרויסער שטאָט — און מיט די קליינשטעטלדיקע יידן נישט גע־וואָלט אַפילו אַ וואָרט אויסרעדן.

## ב.

נאָכן אָנהויב פון דער וועלט-מלחמה.

דאָס שטעטל איז געוואָרן אומרויִק. פון שלאַכט-פעלד און פון די גרויסע שטעט האָבן זיך יעדן טאָג דערטראָגן צו די

איינזווינער בשורות פון אומקום און אָנקומענדיקע שווערע טעג. זענען די מענטשן דאָ געוואָרן שטיל און טרויעריק. אויך די סביבה העט אַרום שטעטל איז געוואָרן וויסט און פאַרשטומט. אַלץ איז געווען דורכגענומען מיט אַ מורא פאַר דעם וואָס קומט, און די האָפענונג אויף בעסערע טעג האָט זיך שוין אין די הערצער געגנומען אויסלעשן. אויף די פעלדער זענען די געזאַנגען און קוויטשערייען פון דער יונגוואַרג אָפגעשטאָרבן. און אַז אין דאָרף איז קיין איבעריקס נישט געווען, ווייל די רעגירונג האָט אַוועקגענומען, זענען די וועגן געוואָרן פוסט, און אין שטעטל איז דאָס גרויסע מאַרק-פּלאַץ געבליבן שטיין שטיל און פאַרמרה-שחורהט, ווי אַ פאַרלאָזט אָרט. אין די גאַסן זענען די אויסגעשטעלטע סחורות אין די קלייט-פענסטער געלעגן איבערגעקערט און הפקר, און די קראָמען אַליין זענען געשטאַנען האַלב-צוגעמאַכט און פאַרשעמט. די באַלעבאַטים זענען איצט געווען אין די הייזער. זיי האָבן דאָרט געהאַלטן אין איין רעדן איבער זייערע קלאָגנדיקע ווייבער. יענע האָבן נישט אויפגעהערט צו יאָמערן: „שוין אַזוינס געהערט געוואָרן? מ׳רופט די יונגע קינדער זייערע צום „פּריזיוו״ שוין צום צווייטן מאָל אין איין יאָר!" זענען די מאַמעס אַרומגעגאַנגען פאַרחושכט און צעטומלט, מיט רחמים-בעטנדיקע צעקנייטשטע פּנימער, געבעטן שטילערהייט הילף מיט די אויגן ביי די פאָטערס, ביי דער וועלט אין דרויסן: אויסגעשפּרייט די הענט מיט טענות און קלאָג-געוויינען, קעגן די טויבע ווענט און פענסטער אין די הייזער זייערע — און די פרייד און צופרידנקייט פון אַלע פריערדיקע זאַטע יאָרן, האָט מיטאַמאָל אויסגעוועפּט.

אין יענע טעג האָט דער זשאַנדאַרם-פּאָלקאָווניק ביים וואָקזאַל גערופן צו זיך אין קאַנצעלאַריע מאָריס גאָלדנבערג.

— זיצט, גאָספּאָדין גאָלדנבערג.

— אַ גרויסן דאַנק, אייער הויכגעבוירט.

דער פּאָלקאָווניק האָט אַ ווײַלע זיך אַרומגעפּאַרקעט אויפן שרייב-טיש צווישן פּאַפּירן, און באַלד צוגעגאַנגען צום ענין:

— נו, מיר וועלן צוטרעטן גלייך צו דער זאַך... איר

ווייסט, הער גאָלדנבערג, צוליב וואָס כ'האָב אייך אַהערגערופן? זייער אַ וויכטיקער ענין... אי זיך צו פאַרזאָרגן, אי צו דינען אונזער פאָטערלאַנד. איר פאַרשטייט? די זאַך איז די... נאָר איידער מיר גייען צו צום ענין, דאַרף איך אייך עפּעס בעטן: אונזער שמועס בלייבט אַ סוד. איר פאַרשטייט?...

— אָן צווייפל, אייער הויכגעבוירט.

— איז אָט וואָס: אייך, גאָספּאָדין גאָלדנבערג, דאַרף איך דאָך נישט דערציילן, אַז רוסלאַנד פאַרמאָגט איצט אָן אַן עק אי־נעווייניקסטע שונאים, וואָס ווילן אונזער לאַנד חרוב מאַכן. איר ווייסט דאָס אַזוי גוט ווי איך—נישט אַזוי, הער גאָלדנבערג? איז אָט איצט אין דער שווערער מלחמה־צייט, וואָס מיר לעבן איצט דורך, מוזן אַלע פריינט פון אונזער פאָטערלאַנד זיך פאַרייניקן, און שטיין אויף דער וואַך. וואַרטן און אַ סך איבערקלערן — דאָס איז איצט אַ פאַרברעכן. ווער ס'איז מיט אונז, דער דאַרף זיך באַלד אַוועקשטעלן אויף דער וואַך, ווי אַ געטרייער סאָל־דאַט, און באַקעמפן דעם שונא. איר פאַרשטייט?... און אייך, הער גאָלדנבערג, רעקאָמענדירט מען, צו אונזער פרייד, אַלס אַן אמתן, איבערגעגעבענעם פריינט פון אונזער פאָטערלאַנד.

און איך דענק, אַז ס'איז ריכטיק אויך! — האָט דער אינ־זשיניער באַגייסטערט זיך אַ מונטער געטאָן.

— יאָ, מיר ווייסן וועגן אייער איבערגעגעבענער אַרבעט פאַרן לעצטן יאָר אין דער רעגירונגס בוי־אַרבעט, אַלס אינזשי־ניער... יאָ, מיר ווייסן עס... טאַקע דערפאַר האָבן מיר דאָך צו אייך אַזוי פיל צוטרוי. איר האָט זיך פאַרדינט... און איצט... וואָלט איר איצט, גאָספּאָדין גאָלדנבערג, אָנגענומען אַן אַמט צו פאַרטיידיקן אונזער לאַנד פונם שונא? אויב יאָ, האָבן מיר פאַר אייך זייער אַ חשובן רעגירונגס־אַמט.

דער יחוסדיקער יונגערמאַן איז געזעסן די גאַנצע צייט שטיל און אומגעדולדיק, און געקוקט דעם ליבלעכן זשאַנדאַרם־פּאָלקאָווניק גלייך אין מויל אַריין. ווי פיין און איינדרוקספול ער רעדט! ער האָט געפילט ווי דאָס האַרץ צאַפּלט זיך אים אין אויסרו, ער זיצט קוים אייך פון פרייד און גליקלעכער איבעראַ־

שונג, און זיך געפילט אַזש פאַרלוירן פון טיפער דאַנקבאַרקייט פאַ׳ן פאָלקאָווניקס זיסע רייד און לויב-ווערטער. אַז יענער האָט געענדיקט, האָט דער אינזשעניער גאָרנישט געענטפערט, זיך טיף פאַרטראַכט, און די בליקן זענען אים געבליבן הענגען העט-אויבן אויף דער וואַנט קעגנאיבער: „האַ? אַן אַמט צו פאַרטיידיקן דאָס לאַנד? אַ חשובן רעגירונגס-אַמט? וואָס פאַר אַן אַמט זאָל מען דאָס אים וועלן געבן? און הער נאָר, ווי אָנגעזען ער איז אין די רוסישע הויכע פענסטער! האָט גאָר פון אַזאַ מדרגה, צו זיין אַ רעגירונגס-מענטש, קיינמאָל נישט געטראַכט!...” ער האָט זיך אַ פּאָר מאָל אַ דריי געטאָן אויפן בענקל, און אַ קוק געטאָן צום מלוכה-מענטש מיט ווייכע הכנעה-בליקן. און מ׳קאָן נאָך אפשר אַמאָל אָנזאַמלען ביי אַזאַ אַמט אַ סך געלט אויך,— איז אים דורכגעלאָפן אין געדאַנק. היינט דאָס אריין אין דער געזעלשאַפט פון וויכטיקע רעגירונגס-מענטשן. ס׳איז עפּעס אַ קליייניקייט? יאָ, ווער ווייס וואָס ס׳שטייט אים פאַר... אויף ווען-זשע וואַרט ער? וואָס ענטפערט ער נישט!...

— אייער הויכגעבורט! — איז דער יונגערמאַן אַרויס מיט לשון.—איך קען זאָגן בלויז איין זאַך: כ׳בין איבערגעגעבן אונזער פאָטערלאַנד מיט דער גאַנצער נשמה מיינער... איר מעגט זיין זיכער, אַז אויב מיר זאָל אויסקומען צו פאַרטיידיקן אונזער לאַנד און אונזער „פאָטערל” דעם קעניג, וועל איך דאָס טאָן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט.

דער פאָלקאָווניק האָט צופרידן געשמייכלט. איצט איז ער אַרויס מיט אָפענע רייד, און פאָרגעשלאָגן גאָלדענבערגן צו ווערן דער הויפּט געהיים-אַגענט פונם שטעטל און אומגעגנד. נאָכדעם האָט ער נאָך לאַנג גערעדט וועגן דעם, וואָס פאַר אַ מוטיקע און פעיִקע מענטשן דאָס „מוטערל” רוסלאַנד מוז איצט האָבן: אַז שונאים לויערן איצט אין יעדן ווינקל, און מאַכן זיך היימיש דוקא אין די געוויינלעכע, אָפענע פּלעצער, ווו ס׳פאַלט נישט איין צו זוכן זיי: וועגן דער וויכטיקייט פון זיין הויכער מיסיע, און זיינע פליכטן צום פאָטערלאַנד—און דער אינזשעניער האָט צוגעזאָגט צו טאָן דאָס בעסטע.

— געדעקט-זשע.— האָט דער פּאָלקאָווניק פאַרענדיקט. — אונזער שטעטל ליגט ביי דער גרעניץ. אַ סך פון די איינוווי-נער, אָדער אָראָפּגעקומענע „געסט" וועלן מסתּם פּרובירן אַריבער די גרעניץ, אָדער טאַקע זיצנדיק דאָ וועלן פירן געשעפטן מיט אויסלאַנד. איז—שטיין אויף דער וואַך !... מעגלעך אויך, אַז דורך רומעניע זאָלן זיך אַריבערכאַפּן צו אונז דייטשישע שפּיאָנען עפּעס אָנצושמעקן ביי אונז: דאַרף מען גוט קוקן! איר פאַר-שטייט? דערשמעקט אַ פּאָדליעץ, איז—תּחילת שאַ: מ'שמעקט אים בלויז נאָך, מ'כאַפּט אַ וואָרט, אַ ווונק. איז עפּעס נישט גלאַט, איז באַלד אונטערגעשיקט פּאָליציי, און — אין פּאַסטקע אַריין. פאַרשטאַנען?...

— זייט רויִק, אייער הויכגעבורט... ביזן לעצטן טראָפּן בלוט.

## ג.

פרימאָרגן. אין חיים-בערס אַכסניה.

אין גרויסן פּראָנט-צימער איז שטיל. איבערן גאַנצן צימער זענען אָנגעשטעלט טישן מיט בענקלעך וואָס וואַרטן אויף „געסט" —יידן און קריסטן, טאַקע פון שטעטל גופא, וואָס כאַפּן זיך אָפּט אַריין אַהער און „קערן איבער אַ גלעזל". אַז ס'איז שוין אַ היפּש שטיקל צייט, אַז אויפן מאַרק איז פּוסט און אומעטיק, דער גוי פון דאָרף קומט נישט, און די מסחרים האָבן זיך אָפּ-געהאַקט, ווי מיט דער האַנט אָוועקגענומען—כאַפּט מען זיך שוין אַוודאי אָפּט אַהער צו זיצן מיט אַ גוטן ברודער ביים טיש, גלאַט אַזוי אַפילו, כאַפּן אַ היימישן שמועס, און זיך צו אָטשוכן אַביסל פון די שווערע דאגות-פּרנסה און מלחמה-טעג. איצט איז דאָ נאָך שטיל. חיים-בער שפּאַנט אַרום אַהין-אַהער איבערן צימער, און טוט זיך אַלעמאָל אַ קראַץ אונטערן קורצן שוואַרצן בערדל. אָט שטעלט ער זיך אָפּ מיט דער מיטעלער ווּקס זיינער ביים פענסטער, קוקט אין דרויסן אַרויס, און די פאַרזאָרגטע אויגן אונטער די געדיכט-פאַרוואַקסענע ברעמען זוכן דאָרט עפּעס

אַרום. „צוויי קונים ערשט“,—טראַכט ער נאָך. אַזאַ ביטערע צייט געוואָרן! דער קעלער איז פול אָנגעשטאָפּט מיט פּערציק-עמער-דיקע אַנטלען: ער האָט די בעסטע ווייַנען אין שטעטל, לייזט ביליק אויך, און—נישטאָ די צייטן וואָס אַמאָל!

— גוט מאָרגן!

ס'איז אַרייַנגעקומען מאָריס גאָלדנבערג. חיים-בער האָט געענטפערט „גוט יאָר“, אין אָנגעקוקט יענעם פאַרחידושט: „פאַר-וואָס עפּעס פּלוצלונג אַזאַ ענדערונג? ער קומט שוין נישט אַרייַן אַהער דורך דער הינטער-טיר, מאָריס? און וואָס עפּעס אַזוי פרי?“ האָט ער איבערגעלאָזט מאָריסן מיט די צוויי קונים און אַוועק צום ווייַב: „זי, שיינדל, טויג זיך בעסער אויס צו אַזאַ קונה.“ באַלד איז אַרייַן די פעטע באַלעבאָסטע. אַ פרייַלע-כע, מיט אַ זיסן שמייכל און ווייכע חניפה-בליקן, האָט זי פאַר-בעטן דעם רייַכן יונגנמאַן אין אַ באַזונדערן צימער. דאָס מאָל האָט אָבער דער אינזשיניער נישט געוואָלט גיין: „אַ באַזונדער צימער?... ער ווייס נישט וואָס... עפּעס האָט ער היינט חשק צו זיצן דאָ אין פראָנט-צימער — גלייַך מיט אַלע געסט... האַ? ס'פּאַסט נישט?... ס'מאַכט נישט אויס... אַלזאָ, ער וויל איצט אַ האַלבע אָקע פונם רויטן...

ער האָט געטרונקען פּאַמעלעך. האָט זיך געקוויקט אויפן קול, און אַלעמאָל אַרויפגעדרייט מיט אַביסל פייכטקייט די שפּיצן וואָנסעלעך. אין אַ ווינקל איז ער געזעסן. פון דאַנען האָט ער פאָרזיכטיק געקוקט, ווי איינער וואָס לויערט פון אַ באַהעל-טעניש, און באַטראַכט די צוויי „געסט“, וואָס זענען דאָ געזעסן ביי אַ טישל ביי דער וואַנט, פאַרטון אין אַ שטילן שמועס. זעט אויס, ביידע זענען יידן... איינער איז שלמה בעקער: ער קומט אָפּט אַרייַן אין זייַן הויז, און נעמט אָן ביי זייַן פרוי באַשטע-לונגען אויף געבעקס. ווער-זשע איז דער צווייטער?—אַ פרעמדער, אַפּנים... וואָס-זשע סודעט מען זיך אַזוי? פריער אַז ער, מאָריס, איז דאָ אַרייַנגעקומען, האָט דער פרעמדער מיטאַמאָל געטאָן אַ האַק-איבער די רייד, זיך אומגעקוקט אויף אים אומרויִק און באַרדעכטיק—און באַלד שוין כלומרשט מונטער און כלא-ידע'דיק,

גענומען אָנפילן די גלעזער מיט טומל: „נון, י אופ׳ס וואהל!..." און נחמן בעקער האָט אים אָנגעקוקט אַ פאַרוווּנדערטער, און געוואַרט, אַפּנים, אויף די איבעריקע, פלוצלונג-איבערגעריסענע ווערטער, וואָס מוזן נאָכקומען. אָבער דער פרעמדער האָט שוין נישט גערעדט: האָט בלויז ווײַלצווייז געקוקט אויף אים, מאָ-ריסן, מיט פאַרגנבעטע בליקן, שטאַרק פאַרטאָן געטרונקען די משקה, און אומבאַקוועם געשמייכלט:

— ווער זאָל דאָס זיין?...

און נאָך אַזאַ מאָדנער: אַ הדרת-פּנימדיקער ייד, מיט אַ שיינער, לאַנגער, שוואַרצער באָרד — און דאָס היטל זיינס האָט ער גאָר אַוועקגעלייגט אויף אַ זייטיקן בענקל. דאַכט זיך אַ טי-פישער אַלטמאָדישער ייד מיט אַ באָרד, מיט קורצע, פאַרדרייטע פאות, און עפּעס טענהט ער אַזוי צוריקגעהאַלטן, אַזוי מאַניר-לעך און אָן די הענט, אַז ס׳איז גאָר אַ חידוש. זיצט מיטן קערפּער אויסגעשטרעקט און קאָנטראָלירט יעדן מינדעסטן ריר זיינעם. און בלויז דאָס? אָט, אַ שטייגער, רעדט ער צו שלמה בעקער יידיש, און ס׳איז עפּעס נישט דער יידיש וואָס ער האָט געהערט ביי זיינע עלטערן: ס׳איז מער דייטש. ווי אַזוי-זשע קומט דייטש צו אַ טיפּישן ייד, פון די היגע מקומות? און נאָך מער חידוש: די באָרד איז לאַנג, שטאַרק געדיכט און צעוואַקסן ווי ביי אַ מיטליאָריקן מאַן — און דאָס פּנים זיינס איז אינגאַנצן גלאַט, יונג און פריש, ווי פון נאָך גאָר אַ יונגערמאַן. די אויגן זיינע קוקן אומרויִק, דורכדרינגלעך און מיט חשד, און אינגאַנצן איז ער עפּעס געוואַלדיק אומבאַהאָלפן.

אָט רעדט ער ווידער צו נחמנען... גאָלדנבערג האָט זיך גע-נומען אַרומדרייען איבערן צימער, כלומרשט תמעוואַטע-גלייכ-גילטיק.

— יאָ, דער בעסטער סאָרט מעל, — האָט דער פרעמדער העכער אויפגעהויבן דאָס קול, ווען דער אינזשיניער האָט פאַר-בייגעשפּאַנט. — די פּרייזן אויף ברויט—דאַרף דער הער נחמן נישט פאַרגעסן—שטייגן פון טאָג צו טאָג. אויב הער נחמן וויל ווערן אַ מעקלער, קען ער אים צושטעלן פון קעשינעוו געגוג

מעל פאַר אַלע בעקערייען פון שטעטל, צו די ביליקסטע פרייזן. ער מוז נישט האָבן קיין סך געלט... דער עיקר איז, צי ער נעמט אָן צו ווערן אַ מעקלער. אויב יאָ, קריגט ער פון קעשי-נעוו, שוין אין עטלעכע טעג אַרום, די ערשטע פּאַרטיע מעל.

דער בעקער איז געוואָרן נייגיריק. ער האָט גענומען אי-בערפרעגן וועגן פרייזן, הוצאות, טראַנספּאָרטאַציע, און טאָמער ווערט דאָס מעל פאַרהאַלטן אויפן וועג — ס'איז דאָך עפּעס מלחמה-צייט! — און ווערט דערווייל טוכלע. און דער פרעמדער האָט געענטפערט מיט אַ מאָדנער, איינגעהאַלטענער אויפרעגונג, און זיך קוים אויסגעפּלאָנטערט פון דעם בעקערס קלאָץ-קשיות.

— אָך, דאָס איזט מינדערוויכטיק, — האָט ער אַלעמאָל אַריינגעוואָרפן, — און האָט זיך באַמיט מיט אַלע כוחות נישט אַרויסצוווייזן זיין אומגעדולד.

— אַ מאָדנע בריאה! אַ קעשינעווער ייד, און—דייטש!...

ער האָט שוין נישט געקענט זיך צוריקהאַלטן. איז ער אַוועק צו שיינדלען אין קיך, פרעגן צי זי ווייסט נישט, ווער ס'איז דער מאַן.

שיינדל האָט אים דערזען אויף דער קיך-שוועל:

— גאָט מיינער, ווען זע איך ביי זיך אין קיך? טאַקע גאָספּאָדין גאָלדנבערגן אַליין? אַ גוט מאָרגן, טייערער. קומט אַריין נעענטער...

— גוט מאָרגן... נו... וואָס מאַכט עפּעס מאַדאַם שיינדל?...

— אַלעס ווי געווען... וואָס-זשע... גאָספּאָדין גאָלדנבערג וויל אפנים היינט עפּעס עקסטרע? — האָט זי זיך צו אים אַ שאַר געטאָן נעענטער.

— האַ?... אַזוי גלאַט... כ'האָב געוואָלט עפּעס פרעגן... אפשר ווייסט מאַדאַם שיינדל, ווער דער פרעמדער, מיט דער באָרד וואָס זיצט אין פראָנט-צימער איז? ער זעט מיר אויס עפּעס אַזוי באַקאַנט—און כ'קען זיך נישט דערמאָנען, ווו מיר האָבן זיך באַגעגנט. אַ ווילער ייד...

— זי ווייסט נישט, כלעבן... און — וואָס איז דען? עפּעס אַן אינטערעס?

— אַן אינטערעס גאָר?

— האַ, גאָספּאָדין גאָלדנבערג, — האָט זיך שיינדל נאָנט צו אים צוגעשמייכלט,—פאַר מיר דאַרפט איר באַהאַלטן? וואָס־זשע דען זענט איר אַזוי נייגיריק, און... אַריינגעקומען אין קיך? אַ רייכער מאַן, אַ יאָ?...

מאָריס האָט זיך ערנסט אָנגעכמורעט:

— אַך! וואָס פּלאַפּלט איר, שיינדל! וואָס פאַר אַן אינ־טערעס! מ׳טאָר אייך שוין גלאַט אַזוי קיין זאַך נישט איבער־פרעגן? אַ בושה ממש!...

ער איז אַוועק צוריק אין פראָנט־צימער.

איצט איז שוין דער מאַן געוועז אָנגעטאָן אין היטל. מיט אַ האַנט אונטערגעשפּאַרט די מאָרדע, האָט ער געקוקט אַ טרויע־ריקער צו זיין שכן, דעם בעקער, פלומרשט אויסגעהערט זיין פּלאַפּלעריי און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ: באַהאַלטענערהייט, אָבער, האָט ער נייגיריק און אָנגעשטרענגט געמומען נאָכשפּירן דעם צוריק־אַריינגעקומענעם גאָלדנבערגן. אַ לענגערע צייט אַזוי. פּלוצלונג איז ער שטילערהייט צוגעגאַנגען צום בעל־אַכסניה.

— ער וויל אַריינגיין אין זיין באַזונדערן צימער. וועט ער, דער באַלעבאָס, אפשר קענען אַריינברענגען די זאַכן פונם טישל, אַהין?

— זיכער!

און איז אַוועק צוזאַמען מיטן בעקער.

אין אַ ווײַלע שפּעטער האָט שוין די באַלעבאָסטע געעפנט פאַר גאָלדנבערגן אַ צימער, אין שכנות מיטן פרעמדן מאַן. דער יונגערמאַן האָט צוגעשטעלט דאָס טישל פון צימער נעבן דער סאָפע ביי דער וואַנט, געשמאַק געזופּט פון אַ גלעזל די אַריינ־געבראַכטע משקה, נאָכטראַכטנדיק וועגן זיין ווונדערלעכער, שכל־דיקער אַרבעט, וואָס ער וועט באַווייזן זיין רעגירונג אַלס הויפּט געהיים־אַגענט, און געהאַלטן אָנגעשטעלט די אויערן הינטערן דינעם ווענטל. ווען ער איז שפּעטער אַרויס איז ער געווען צעטראָגן. ער האָט זיך שטאַרק געאיילט, און ס׳האָט אים פון איבעראַשונג אַזש געפלאַמט דאָס פּנים. האָט ער אין פראָנט־

צימער פארגעסן זיין שפאציר-שטאָק, דער לייכטער זומער-ראָק איז אים. געלעגן אויף די פלייצעס צעדרייט און דער קאָלנער אויפגעהויבן—און מיט חיים-בערן האָט ער זיך אַפילו נישט אָפּ-גערעכנט. ראַשיק און אומגעלומפּערט, נישט אויסרעדנדיק אַ וואָרט, האָט ער געכאַפּט זיין הויכע דאַרע הוט, אַ פּראַל געטאָן די טיר און אַוועק.

## ד.

נאָך אין זעלבן טאָג. נאָך מיטאָג.

מיט אָנגעכמורעטע פּנימער, שטאָלץ און ערנסט-שטייף, מיט ביקסן אין די הענט, האָבן זיך געלאָזט צו חיים-בערס אַכסניה דער זשאַנדאַרם-פּאָלקאָווניק פון וואָקזאַל און דריי זשאַנ-דאַרן.

דאָס שטעטל האָט אַזש אויפגעקאָכט:

— וואָס איז געשען? וואָס פּלוצלונג?

און באַלד האָט אַן איבערגעשראָקענער עולם גענומען לויפן פון אַלע זייטן. די נייגיריקע האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי חיים-בערס הויז, און זיך צענויפגעשטופּט אין אַ מאַסע „רעדלעך", גרופּעס. ס׳האָט דאָ אויפגעבראַזט, ווי פון אַן אומגעהייערן קאָ-כיקן שטראָם. אַלע האָבן געוואָלט וויסן, וואָס דאָ איז, און ס׳זע-נען געפאַלן צווישן די צענויפגעלאָפענע אַ מאַסע פראַגן, חשדים און בויך-סברות: אָבער קיינער האָט דאָ גאָרנישט געוווּסט. האָט דער עולם זיך געשטופּט מיט חשד-בליקן קעגן דער אַכסניהס פענסטער, קעגן דער אָפענער פראָנט-טיר, ווו ס׳האָט זיך אָפּגעשטעלט איינער פון די זשאַנדאַרן און געהיט, און זיך פאַרלוירן פון דעם אומגעריכטן אָנגריף אויף זייערן אַ שטילן מיטמענטשן: „עפּעס אַ קלייניקייט איצט-אָ אין דער מלחמה-צייט אַן „אָביכקע"!... און נאָך אַ מין „אָביסקע"! דער זשאַנדאַרם-סקע פּאָלקאָווניק אַליין איז דאָך מיטגעקומען אַהער!..." מ׳האָט זיך געסודעט ציטערנדיק אַרומלויפנדיק פון „רעדל" צו „רעדל".

געוואָלט הערן פון ערגיץ אַ טרייסט-וואָרט, און אומגעדולדיק געוואַרט אַז די אָנגריפּער זאָלן אַרויס.

— ס׳געדויערט צו פיל... אַ שלעכטער סימן. די שעה זאָל נישט זיין...

— יאָ, כ׳האָב מורא ס׳אַ צרה...

און אַז דער פּאָלקאָווניק און די זשאַנדאַרן, מיט די ביקסן אויף די אַקסלען, האָבן אַרויסגעפירט דעם אומבאַקאַנטן, און יענער האָט אַרויסגעשפּאַנט מיט אַ געבויגענעם קאָפּ, טויט-בלייך, און פון אַ זייט אַ קוק געטאָן אויפן עולם מיט אַזאַ רחמנות-געבעט, ווי מ׳וואָלט אים געפירט צו דער תליה—האָט דער עולם זיך אַ ריר-אויף געטאָן, ווי אַ צעוויגטער וואַלד אין שטורם-ווינט. נעבעכדיק און צעטראָגן האָט מען זיך גענומען טאָרקען מיט אַ שושקעריי, זיך טוליען איינער אין צווייטן, ווי אַ סטאַדע אָרימע, דערשראָקענע שאָף, און פּלוצלונג דערפילט מיט אַלע אברים דעם פרעמדנס אומגליק אויף זייערע אייגענע קעפּ.

— יידן, ס׳איז מאחינו בני ישראל, יידן!

— עפּעס יאָ אַ ייד, און נישט אַ ייד.

— מאַכט זיך נישט נאַריש, רב שמחה! איר דערקענט נישט אין די אויגן, אַז ס׳אַ ייד?

— וואָס זאָל דאָ זיין?

— וואָס פאַרשטייט איר נישט? מסתם אַ מסירהלע...

— מ׳זאָגט ער רעדט דאַטש.

— אָ, אויב אַזוי איז ער אַ פאַרלוירענער...

— וואָס-זשע טוט מען? יידן, וואָס שווייגט איר! ———

דעמאָלט האָט עמיצער זיך צוגערוקט צו חיים-בערן, וואָס איז נאָר-וואָס אַרויסגעקומען אין דרויסן, אַ בלייכער און דערשלאָגענער.

— אַ ייד, ר׳ חיים-בער?

— יאָ, יאַנקל טייערער, זיכער אַ ייד.

— מ׳זאָגט גאָר, עפּעס אַ דאַטשישער שפּיאָן...

— אַ שפּיאָן? פון וואַנען ווייסט מען? אפשר גאָר אַ דאַטשישער ייד—און האָט מורא אויפצורייסן דער וועלט די אויגן? ווייסט דאָך ווי מ׳זוכט זיך איצט צו זיי... און בפרט נאָך—אַ ייד.

— איר ווייסט אפשר וועמענס ארבעט ס'איז?—האָט יענער שטיל אַ שושקע געטאָן.

— ש-ש... מאָריס גאָלדנבערגס...

---

אוּן נאָכדעם איז פוּנם געבענטשטן, פרידלעכן שטעטל געוואָרן אַ חורבן. אַלעמאָל נייע מסירות, אומזיסטע איבערפאַלן אין די היימען פוּן די איינוואוינער — אוּן אַרעסטן. דאָס שטעטל איז געוואָרן ביטער פאַרזאָרגט. אַלע האָבן געפילט די באַהאַלטענע, אַכזרישע האַנט, וואָס שטופּט די איינוואוינער אין אָפּגרוּנט, דאָ נאָענט הינטער זייערע פּלייצעס, אוּן זיך געפילט פאַרלוירן, ווי איבערגעשראָקענע, אומבאַהאָלפענע קינדער. נאָכדעם האָט מען אין איין טאָג פערציק באַלעבאַטים פוּנם שטעטל אַרויסגעשיקט: נאָך האַלבער נאַכט איז מען באַפאַלן זייערע הייזער, האַלב-נאַקעטע פוּן די געלעגערס זיי אַראָפּגענומען, אָפּגעריסן פוּן דערהיים, פוּן ווייב אוּן קינדער, כלומרשט אויף אַ ווײַלע — אוּן דעם צווייטן טאָג זענען זיי שוין געווען אין דער קרייז-שטאָט, אוּן פוּן דאָרט באַלד פאַרשיקט געוואָרן אויף ווייטער מיט דריי גובערניעס, אוּן מ'האָט אַפילו קיין תירוץ נישט אָנגעגעבן: פאַר אָפּשטעלן זיך אין גאַס אַ פּאָר מינוט צוזאַמען, זענען עטלעכע איינוואוינער אַוועקגעשיקט געוואָרן אויף דריי חדשים אין טורמע: מ'האָט פאַרטריבן אַלטגעזעסענע, פאַרפוּנדעוועטע איינוואוינער אויפן חשד בלויז, אַז זיי האַנדלען אונטער מיט אויסלענדישע סחורות, וואָס קומען דורך רומעניע פוּן דייטשלאַנד, אָדער אַז זיי שטעלן אַריבער איבער דער גרעניץ געהיימע מענטשן—אוּן דער חשד אַליין איז געווען גאַנץ גענוג... אַ פרוי, אַן אַלמנה, האָט בײַ זיך אין באַקאַליי-קלייטל מיט אַ שלעכט וואָרט קעגן אוריאַדניק זיך אַרויסגעכאַפּט, האָט ער באַלד זי געשיקט רופן צו זיך אַהיים, אוּן זי אַזוי געפערלעך צע'נהרגט, אַז מ'האָט זי באַלד אין דער גרויסער שטאָט אין שפּיטאָל געמוזט אָפּפירן—אוּן צוריק איז זי נישט געקומען...

אין דער זעלבער צייט האָט די „מאַכט" פוּן שטעטל גע-

צאַפּט ביי די איינוואוינער אוצרות גאָלד — און זיך נישט געקאָנט זעטיקן די פאַרמעגנס האָבן זיך אויסגעשעפּט—און מענשטן האָבן געליהען און אַוועקגעגעבן. וואָס דען האָט מען געזאָלט טאָן? אַז פּאַר אַ וואָרט, אַן אָנצוהערענישט, אַ קרומער מינע, האָט מען דאָך געקאָנט פּשוט חרוב ווערן !... — האָט מען געליטן, און גע-שוויגן.

און פונם אומבאַקאַנטן ייד, וואָס מ'האָט פאַרנומען פון חיים-בערס אַכסניה, האָט מען שוין מער קיינמאָל נישט גע-הערט...

## ה.

דאָ האָט זיך די צייט פּלוצלונג געענדערט.

ס'האָט אויסגעבראָכן די רוסישע רעוואָלוציע, און איידער עפּעס-וואָס איז אויפגעקומען די נייע רעגירונג, דאָס לאַנד האָט אַ שטיק צייט געהאַלטן אין איין טומלען, זיך געפּלאָנטערט פאַרשיכּורט פון זיג, און נישט געקענט געפינען דעם ריכטיקן וועג. אָט אין יענער צייט האָט רומעניע פאַרנומען בעסאַראַביע.

באַלד טאַקע האָט רומעניע איבער דער גאַנצער נייער ערד זיך צעשפּרייט. זי האָט, מיט די אַכזרישסטע מיטלען קעגן דער באַפעלקערונג, צו יעדן ווינקל אַ פרייען וועג דורכגעריסן, און אומעטום אַ פוס אַוועקגעשטעלט. יעדן טאָג איז זי אַרויס-געקומען צו די איינוואוינער מיט געשריבענע שטרענגע וואָרנונ-גען, און אויפן סוף — אָן אַ שיעור גליק-הבטחות. און אַ פּאָר חדשים נאָך דער אָקופּאַציע זענען די רומענער שוין אַרומגע-גאַנגען אויף דער נייער ערד פו״י, באַלעבאַטיש-רחבותדיק, און מיט אַזאַ זיכערקייט, ווי איינגעוואָרצלט דאָ פון דור-דורות.

אַרום יענער צייט האָט זיך אַרום גאָלדנבערגס הויז מיט-אַמאָל אַלץ געביטן. די שטוב איז פּלוצלונג שטיין-געבליבן שטיל. קיינער איז אַהין מער אַפילו נישט צוגעקומען, און עפּעס איז זי אינגאַנצן אין אַ מרה-שחורה פאַרזונקען געוואָרן. קומט דער אָוונט זעט מען אַפילו נישט אין די פראָנט-צימערן קיין ליכט מער,

מיהערט נישט דאָס געוויינלעכע אָפטע פּיאַנאָ-שפּילן, און פון די פריילעכע נאכט-הוליאַנקעס מיט די התלהבותדיקע ניגונים פון די באַרוישטע פרעמדע געסט — פון דעם איז גאָר אָפּגערעדט. די שטענדיק האַלב-אַרויפגעצויגענע פאָרהאַנגען האָבן זיך איצט אַראָפּגעלאָזט העט-אונטן ביז צום פענסטער-געזימס: אין די פענסטער האָט מען גאַנצע טעג קיין איינציק פּנים נישט געזען אַ קוק טאָן: און אַז עמיצער זאָל איצט אַרויסקומען, ווי ס׳מאַכט זיך אָפט, אינדרויסן, אויפן גאַניקל — דאָס איז אַפילו שוין גע-וואָרן שווער זיך פאָרצושטעלן. דעם אַלטן גערטנער — אַ הוי-כער, דאַרער, אַביסל איינגעבויגענער גוי, וואָס האָט יאָרן-לאַנג נאָך ביים אַלטן גאָלדנבערג אויפן הויף-גאָרטן אַכטונג געגעבן — אים האָט מען איצט געזען זיך אָוועקשלעפּן מיט אַ זאַק מיט זאַכן אויף די פּלייצעס, ערגיץ אויפן וועג צו די דערפער, און פון זיין טרויעריקן, צערודערטן קאָפּ-שאָקלען, האָט מען בשום-אופן נישט געקענט דערגיין, צי באַוויינט ער עס אַזוי זיך אַליין, צי עמיצן אַנדערש... און דאָ נאָך האָט די יונגע דינסט אָנ-געהויבן קומען אין מאַרק אַריין אָן דער באַלעבאָסטע, געקומען זעלטן, איינגעקויפט אַביסל זאַכן איינס און צוויי, און איידער עפּעס-וואָס, איז זי שוין אַוועק צוריק באַרג-אַרויף.

די איינוווינער זענען געוואָרן נייגעריק: „וואָס זאָל דאָס הייסן? אַזאַ מין ענדערונג?...״ זענען אייניקע אַוועק צום רייכן הויז, און תמעוואָטע-באַהאַלטן, פאַרבייגעשפּאַנט דאָרט ווידער און ווידער מיט נייגעריק-פאָרשנדיקע בליקן צו דערגיין עפּעס: אַנ-דערע האָבן פּשוט הינטער די פענסטער געגומען קריכן, און דורך די שפּאַרינעס צווישן פאָרהאַנג און פענסטער אַריינגעקוקט: און עפּעס אַ פּאָר חברה פון די „ווילדע יונגען״ זענען אַפילו שוין געוואָרן חוצפּהדיק איבער דער מאָס: „וואָס הייסט מיר וועלן נישט וויסן וואָס ביי „מאָריסל דעם סישטשיקי״ טוט זיך? אפשר קומט שוין אויף אים אַ מפּלה?...״ האָבן זיי זיך פאַר-גנבעט דורכן טויער-טירל ביזן אינמיטן הויף אַריין, אונטער אַ בוים ערגיץ, און זיך איינגעעקשנט: זאָלן אַפילו אָפּשטיין אַזוי אַ גאַנצן טאָג—און זיי מוזן עפּעס דערגיין...

אָבער קיינער איז נישט אַרויסגעקומען. אין הויף איז שטיל געוועזן. דאָס הויז האָט אומעטיק געשוויגן, ווי אַן אַלטער שלאָס פול מיט סודות: און אַפילו דעם גרויסן הויף-הונט האָט מען דאָמער נישט געזען און נישט געהערט. דערשטיקט, אַפנים...

אין יענע טעג, איז אין אַן אָוונט אַרויס פון גאָלדנבערגס הויז דער פעלדשער. אין שטעטל איז נאָכדעם געוואָרן אַ קאָכעניש:

— די מאַדאַם גאָלדנבערג איז קראַנק... דאָס האַרץ איז איר אָנגערירט... פון ערגערניש...

און דער פעלדשער האָט, ביי זיך אויפן גאַניק, דערציילט פאַר עטלעכע מענטשן נאָך דעם זעלבן אָוונט:

— „ווי פאָנימאַיעטיע? *) ס'זאָל בלייבן אַ סוד... די מאַדאַם האָט, אַפנים, פריער אויך געהאַט אַ שוואַך האַרץ — איצט איז איר דאָס האַרץ שטאַרק אָנגעגריפן, זעט אויס פון גאַל-עסעניש... זיי האָבן זיך פאַרטרויעט פאַר מיר, די חברה: אַזוי ווי בעסאַראַביע איז איצט פון רוסלאַנד פלוצלונג אָפּגעשניטן געוואָרן, און זיי האָבן זייער גאַנץ פאַרמעגן אין אָדעס, זענען זיי מיט איינמאָל געוואָרן יורדים. ווייל וואָס קענען זיי איצט טאָן? און איידער עפּעס-וואָס, לאָזט זיך אויס ביי זיי דער לעצטער גראָשן... וואָלטן זיי כאָטש געהאַט אין בעסאַראַביע פריינט, משפּחה, — האָבן זיי נישט. און דאָ אין שטעטל,—קלאָגט די מאַדאַם,—האָט זי סאַמע בלוט-שונאים. איצט וועט זיי נאָר אויסקומען צו בעטלען אויף ברויט... זי, די מאַדאַם, הערט נישט אויף צו וויינען און קלאָגן. און ער, דער יחוסדיקער יונגערמאַנטשיק, קוקט איר נאָך תמעוואַטע, שטומט ווי אַ פיש, דרייט זיך אַרום אַהין-אַהער צעטראָגן, ווי אַ צערייצטע חיה אין אַ שטייג, און ווערט שיער משוגע..."

די יידן האָבן פון פעלדשערס רייד באַלד געהאַט זייער פּירוש:

— נו, וואָס דען? אַ „סישטשיק" האָט אַ סך פריינט... אַזאַ באַנדיט!

*) איר פאַרשטייט.

— אַ שיינע-ריינע כּפּרה פֿאַר אַלע יידן.
— זאָל ער אַפּילו אויסגיין פֿון הונגער—וועמען אַרט עס?
— וואָס-זשע, ער האָט ווייניק יידן געקוילעט?
— הייסט עס, אַז כ׳קען נאָך דערלעבן, אַז דער באַנדיט זאָל צו מיר קומען בעטן אַ נדבה? האַ?
— זינדיקט נישט, יידן, זינדיקט נישט! זוכט נישט קיין נקמה! — האָט אָנגעשריען דער אַלטער זלמן מלמד.
— וואָס? וואָס האָט איר געזאָגט?... איר האָט שוין פֿאַר-געסן די געברענטע צרות, וואָס דער מסור האָט אָנגעטאָן דעם שטעטל? נישקשה! אויף אַ מסור איז אַ מצוה!...
און ביי גאָלדנבערגן אין הויז קאָכט זיך, ס׳איז אַן איבער-קערעניש. אַ גאַטס צאָרן האָט זיך אויף דער פֿאַמיליע אויסגע-גאָסן. מ׳האָט זיך פּלוצלונג דערפֿילט עלנט, איינזאַם. אַרומגע-רינגלט פֿון אַלע זייטן מיט שונאים, וואָס זוכן נקמה, און—פֿונם גאַנצן עשירות אין די ווייטן איז מען אָפּגעשניטן. דאָס פֿריער-דיקע לוקסוס-לעבן האָט זיך מיטאַמאָל איבערגעהאַקט: די זעל-טענע, פֿיינע מעבלען, די אויסגעשטעלטע און אויסגעהאָנגענע טייערע קונסט-אָרנאַמענטן און דער גאַנצער אַרומיקער רייכער פּוץ איז געוואָרן איבעריק: מ׳האָט געקוקט אויף אַלעס אָן איינ-טערעס, אַרומגעגאַנגען פֿאַרטראַכט און זיך געערגערט, און מ׳האָט זיך נישט געקענט איינלעבן מיטן געדאַנק, אַז די שפּע-צייט איז מער נישטאָ.
— וואָס-זשע טוט מען? וואָס וועט זיין נאָכדעם ווי דאָס ביסל מזומן וועט זיך אויסלאָזן — אַז מ׳לעבט אין אַזאַ גיהנום? ווו וועלן זיי נעמען אַ שטיקל ברויט פֿאַר די צוויי קינדער־כאָטש? און דאָס שטעטל וועט דאָך נאָך וועלן נעמען נקמה אויך מסתם... ווי אַזוי ראַטעוועט מען זיך?...
זי, די מאַדאַם, האָט איצט אָנגעהויבן ליגן אויפֿן געלע-גער ביז האַלבן טאָג. אַ גאַנצע נאַכט האָט זי זיך אַרומגעוואָרפֿן אין בעט אומרויִק און צערודערט, אַז ס׳האָט איר אַזש געשניטן אין מוח, און אינדערפֿרי זיך אָנגעטאָן, אַרומגעבונדן דעם קאָפּ מיט אַ פֿאַטשיילע, און זיך צוריקגעלייגט אין די קליידער. איר

אומגליק האָט איר אַ מינוט קיין רו נישט געגעבן. אָט האָבן זיי די לעצטע טעג געהאַט אַ האָפענונג צו קריגן אַ הלואה אין קרייז-שטאָט, האָט זיך פון דעם אויך אויסגעלאָזט אַ טייך: מ'האָט אָנגערעדט אַפּנים... און וואָס אַ טאָג ווערט ערגער. שטייט זי אויף שפּעט און טוט אָן איר רייכן, קאָלירטן מאָרגן-ראָק, וואָס האַרמאָנירט איצט זייער נישט מיט איר זויערן, נישט-אויסגע-שלאָפענעם פּנים, און נעמט זיך אַרומשלעפּן אַ פּאַריסורימטע, אַ פאַרחלומטע, פון צימער צו צימער, שטום ווי די וואַנט. און אַמאָל מאַכט זיך גאָר, אַז זי טוט זיך פּ״וצלונג עפּעס אַ משו-גענעם טרייסל-אויף אינמיטן איר פאַרטראַכטן גאַנג, רייסט זיך אָפּ מיט ווילדע, קוויטשנדיקע קולות און זידלערייען אויף דער דינסטמיידל פאַר עפּעס אַ מינדעסטע נאַרישקייט, אַזוי אַז יענע בלייבט שטיין אַ פאַרצאַפּלטע, און ווייסט נישט וואָס צו זאָגן— און באַלד ווערט זי, די מאַדאַם, ווידער פאַרשוויגן אויף גאַנ-צע טעג.

זי האָט זיך אינגאַנצן פאַרלוירן, די מאַדאַם גאָלדנבערג. שטונדוויַיז ליגט זי יעדן טאָג אָפּ אויף דער גרויסער פּליושענער סאָפע מיט פאַרגלאָצטע אויגן צו דער סטעליע, ליגט אומבאַ-וועגלעך, ווי אַ האַמעטנער קלאָץ, און בענקט נאָך דער אַמאָלי-קער רוסלאַנד, נאָך דער אַלטער רוסישער הערשאַפט. „אַזוינע גאָלדענע טעג—טראַכט זי איבער. ווער האָט זיך געקענט פאָר-שטעלן, אַז אַלץ וועט אַזוי גיך זיך אַזוי ענדערן?...״ און אַלע מאָל רעכנט זי איבער ביז ווען ס'קען נאָך קלעקן דאָס ביסל פאַרבליבענע מזומן.

ביי דער פּיסנע וועטשערע כאַפּן מאַן און ווייב אַ שטיקל שמועס, כאָטש זענען אָנגעלאָדן און ברוגז איינער אויפן אַנ-דערן:

— וואָס זאָגט ער, וואָס וועט פאָרט זיין דער סוף?

און ביים נאָמען רופט זי אים שוין נישט.

און ער ענטפערט:

— דער סוף? וואָס פרעגט זי מיך? ווער ווייס?...

— אפשר אַנטלויפן קיין רוסלאַנד? — פרעגט זי ווי זיך אַליין און קוקט אַראָפּ צום טיש.

— וואָס רעדט זי? — רוגזט ער זיך אָן — זי ווייס וואָס זי רעדט? זי זעט דאָך, אַז דער רומענער איז אויף דער נייער ערד דאָ ווילד ווי אַ חיה! אַבי זי וואַרטשעט!...

— אָ, ער בייזערט זיך שוין דער גרויסער מיוחס? אַז ווי מיין מזל... ניכאַי וואָלט ער בעסער אַ פרעג געטאָן אויף אַרבעט—מעג אַפילו זיין ביי דער רומענישער רעגירונג טאַקע...

דאָ האָט זיך שוין גאָלדנבערג אויפגעהויבן פון טיש מיט אַ כעס:

— וואָס האָט זי זיך צעלאָזט אין דר׳ערד אַריין, די פּיס-קאַטע! אַזאַ מענטש, אַזאַ רוסישער פּאַטריאָט, מיט אַזאַ פאַר-גאַנגנהייט ווי איך, דאַרף זיך דאָך גאָר היטן פאַר דער רומע-נישער מאַכט. וואָס וויל זי האָבן פון מיינע יאָר, דאָס —

ס׳האָט דער צאָרן-גיפט אויפגעזאָטן אין אים. ער האָט זיך דערנעענטערט צו איר מיט אַן אויפגעהויבענעם פויסט, ווילד אויסגעשטשערעט די ציין, און—שוין גערעדט צו איר דירעקט:

— זאָלסט פאַרמאַכן דיין פּיסק, דו שלעפּל! כאַפּסט באַלד אַ זעץ, פאַרגעסטו דיין נאָמען!...

און יעדן אָוונט עפּעס אַנדערש.

און די נויט האָט זיך דערווייל פאַרגרעסערט. תחילת איז נאָך פאַרט געווען אַ שטראַל פון האָפענונג: „וואָס קען מען וויסן אין דער ערשטער צייט? די רוסן קענען די רומענער היינט—מאָרגן צוריקטרייבן, האָבן זיי שוין צוריק זייער גליק." אָבער אַז ס׳זענען אַוועק מאָנאַטן-לאַנג: רומעניע האָט זיך פעסט פאַרפונדעוועט, דאָס לעצטע ביסל מזומן איז שוין באַלד אויפ-געגעסן, און פון דער ביטערער לאַגע זעט מען גאָר קיין סוף נישט: האָט מען שוין אויפגעגעבן אַלע האָפענונגען.

אין אַ פאַרנאַכט, נאָך אַ וועטשערע, וואָס די קינדער זע-נען געבליבן הונגעריק, האָט מאַדאַם גאָלדנבערג אַריינגערופן אין קיך דאָס דינסטמיידל:

— הער, זשעניאַ... ביסט דאָך אַ קלוג מיידל. דו זעסט,

וואָס ביי אונז אין הויז קומט פאָר... איז אָט... וואָס מיר זענען דיר שולדיק, וועלן מיר מסתם דיר אַמאָל אָפּגעבן. אָבער, ס׳טוט אונז לייד, מער קענען מיר דיך נישט האַלטן.

די דינסט איז בלייך געוואָרן. זי האָט זיך אַ צעטומלטע צעשטאַמלט:

— אָ—יאָ, אָ—איך ווייס, מאַדאַם, אָ—איך ווייס... אָבער... וואוהין וו—וועל איך גיין? ס׳וועט דאָך אייך מסתם אינ—ג—גיכן לייכטער ווערן...

— לייכטער ווערן? ניין, טייערע, ביי אונז אין הויז איז שוין באַלד נישטאָ אויפן נויטיקסטן, אויף ברויט...

אויפן צווייטן טאָג, גאַנץ פרי, איז די דינסט אַרויס פונם רייכן הויף מיט אַן אָרים בינטל אין דער האַנט. זי האָט גע־שפּאַנט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, זיך געווישט די אויגן, און מ׳האָט געזען זי אַוועקשפּאַנען ערגיץ אויסער דער שטאָט.

ו.

האַרבסט.

אַן איינגעגעסענע, גרויע פינסטערניש האָט זיך איבערן שטעטל צעלייגט. טעג-לאַנג האָט אַ מיאוסער, נודנער רעגן זיך געזופּט פויל און דריבנע, גאָר אָפּט זיך פּלוצלונג אַ צעגאָס גע־טאָן ווילד און רוישיק-פּליוכענדיק: אָדער מיטאַמאָל איז גאָר אַ נאַסער, אומגעלומפּערטער, שמייסנדיקער ווינט אָנגעקומען, אַז די מענטשן האָבן נישט געקענט דאָס פּנים אויף דער גאַס צייגן. די מענטשן זענען געוואָרן שטיל, פאַרזאָרגט און איינגעטראַכט אין זיך, ווי זיך שרעקנדיק פאַר עפּעס בייז וואָס דאַרף אָנקומען. מ׳האָט ווייניק גערעדט. איז מען זיך צונויפגעקומען אויף אַ גאַס-ראָג, איז מען געשטאַנען צעטיילט, יעדער איינער קוקנדיק אַ פאַרחלומטער אין אַן אַנדער אָרט, און אַמאָל בלויז האָט איי־נער אַ וואָרף געטאָן עפּעס אַ וואָרט אין דער כמורנער לופט אַריין, און קיינער האָט דאָרויף זיך נישט אָפּגערופן. און די זון האָט זיך טעגווייז נישט געוויזן, און דער רעגן האָט אַלץ

נישט אויפגעהערט. אַ מרה־שחורה און אַן אומבאַהאָלפנקייט האָט זיך צעשפּרייט איבער דער וועלט. יעדער לעבעדיקע זאַך האָט זיך אָראָפּגעבויגן, צונויפגעדריקט, געחלומט פון ליכט און וואַרימקייט, און ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז מ׳וועט שוין נישט קענען אויפקומען. איז אַ פויער דורכגעפאָרן מיט זיין פור די גאַס, האָט ער תּמעוואַטע־פאַרחידושט באַטראַכט דאָס פוסטע שטעטל, זיך נישט געקענט אָפּוווּנדערן אויף דעם טרויער און אָפּגעשטאָרבנקייט — און אַליין איז ער געזעסן אין וועגעלע אַ דורכגעווייקטער, אַן איינגעקאָרטשעטער, און געווען אַזוי פאַרכמורעט און טויט־אָפּגעלאָזן, אַז ער האָט אפילו נישט געהאַט קיין מוט זיך אַ הויב צו טאָן און לעבעדיק אַ טרייב צו טאָן די פערד ווי עס דאַרף צו זיין. די קראָמען זענען געשטאַנען אָפן בלויז מיט איינציקע טירן. די טראָטואַרן זענען אָנגעוואָרפן געוואָרן מיט גאַנצע קופּעס געלע, פאַרוועלקטע בלעטער, און קיינער איז נישט אַרויסגעקומען זיי אָפּרייניקן: אַזאַ פוסטקייט, אַזאַ אומעט האָט זיך צעלייגט אין שטעטל — מ׳האָט געקענט אומקומען פון האַרץ־נאָגעניש! איז עמיצער אַרויס אויפן גאַניק, האָט ער באַטראַכט די בלאָטיקע גאַס: די הייזער מיט די פאַרשפּריצטע און פאַרגאָסענע ווענט און שויבן: די נידעריקע, מיאוס־אָנגעכמורעטע, אָנגעשוואָלענע הימלען און די אַרומיקע אָפּגעלאָזנקייט, און שטיל און פויל צוריק אין שטוב אַריין.

אַ פרימאָרגן.

מאָריס גאָלדנבערג האָט זיך אויפגעהויבן פונם געלעגער אַ נישט אויסגעשלאָפענער, אַ פאַרמאַטערטער, און מיטן געדאַנק אַז נאָך אַ טאָג, צוויי, און אין שטוב וועט שוין נישט זיין אַ גראָשן. „בעלאַ, מיר ווערן רוינירט, וואָס טוט מען! — האָט ער אַ גאַנצן אינדערפרי, פלוצלינג אַ היימישער, געהאַלטן אין איין קלאָגן פאַרן ווייב. און זי, די פרוי איז שוין באַלד געבליבן אָן כוחות פון איבערטראַכטן, פון נישט שלאָפן און גריזשען זיך. מ׳האָט דעם אומגליק שוין אפילו פאַר די קליינע קינדער נישט געקאָנט באַהאַלטן: זיי האָבן געקוקט אויף דער פאַרצרהטער מאַמען, אויף דעם טאַטן, וואָס וואַרפט זיך אַרום אַ פאַרלוירע־

נער, אַ צעטומלטער, ווי אין אַ געפערלעכער קלעם אריינגע־פאַקט, פאַרשטאַנען דעם חורבן פון אומפאַרשטענדלעכע, אָפּגע־ריסענע ווערטער, און זיך אָפּגעצערט פון צער און מיטגעפיל.

— האַ ?... אפשר זאָל ער דעם פליגל פון הויז פאַרדינ־גען עמיצן ? — איז אים אין איינעם פון יענע טעג איינגעפאַלן.

אַז דאָס ווייב האָט געהערט דעם איינפאַל האָט זי אים געמאַכט פאָרוווּרף :

ס'איז דאָך אַ זעלטענע אידייע !... אַ מאָדנער מענטש : שוין אַ פּאָר יאָר אַז די עטלעכע צימערן אין פליגל שטייען ליידיק, מ'וואָלט זיי דאָך שוין לאַנג געקאָנט פאַרדינגען. אַז דער קאָפּ דינט נישט !...

— און ווו איז געווען דיין קאָפּ ?

מ... ווער ווייס וואָס פון די פּוסטע צימערן איז שוין געוואָרן.

ער איז געוואָרן נייגיריק. איז ער אַרויס אויפן הויף, כאָטש ס'האָט אַ גאַנצן טאָג געכליאַפּעט אַ שווערער גוס־רעגן. אַ צעלאָזענער האַרבסט־ווינט האָט אַרומגעהוליעט, געשמיסן די בייטשן רעגן מיט אַ גערויש, אַ פּייפערײַ און אַן עסנדיקער קעלט, און ער האָט געשפּאַנט צום פליגל.

איז אַריין אינעווייניק.

דריי ליידיקע צימערן. אין איין צימער איז די סטעליע געווען באַשינדן, ס'האָט געטריפט פון דאָרט מיט רעגן־וואַסער, און די ווענט זענען אויף אַ פּאָר ערטער געווען נאַס און אָנגעשוואָלן. די אַנדערע צימערן זענען געשטאַנען גאַנץ.

גאָלדנבערג איז געבליבן שטיין דערשלאָגן־איינגעבויגן, ווי אונטער קלעפּ פון אַ גרויזאַמער האַנט, און באַטראַכט דעם חורבן. דאָס צימער, אַ מיטלסט, איז געווען פאַרבונדן מיט די איבעריקע צוויי. וואָס־זשע וועט ער איצט טאָן ? ווי אַזוי קען ער פאַר־דינגען די צימערן, אַז דאָס מיטלסטע איז אינגאַנצן באַשעדיקט ? און ער האָט דען געלט צו פאַרריכטן ? יאָ, ער גייט צו גרונט !...

— איצט זענען מיר אינגאַנצן דערהרגעט, — האָט דאָס

ווייב געקלאָגט, דערהערנדיק וואָס ס'איז פאָרגעקומען,—אַזוי ווי אויף צו-להכעיס קומט עס פאָר: אַ שטראָף פון גאָט...

און אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען דערזען אין אַ פּאָ-דערשטן גאַס-פענסטער ביי די גאָלדנבערגס, אַן אויפשריפט:

„אַן אויספאַרקויף אויף מעבל! מיר פאַרקויפן ביליק! די-וואָס ווילן קויפן, בעטן מיר זיך צו ווענדן דאָ, צו יעדער צייט.״

דאָס שטעטל האָט רוישיק אויפגעקאָכט, מיט נייגיר און איבעראַשונג:

— זע נאָר, אַזוי ווייט האַלט עס שוין ביי די גאָלדנ-בערגס? מ'האָט זיך גאָרנישט געריכט!... אַ מצוה אויף אים, אויף דעם באַנדיט!—

— הו—הא... עפּעס אַ ווערטעלע אויסצורעדן: די גאָלדנ-בערגס פאַרקויפן אויס דאָס מעבל.

— נו, וואָס-זשע שטייט אים נישט אָן, דעם „פּיאַניעך״? אַ „סישטשיק״ שטייט אים אָן צו זיין?...

— איין מפּלה איז ווייניק פאַר אַזאַ ייד.

— אמן — וואָס דאַרפט איר אים שעלטן?

— מ'דאַרף טאַקע גיין עפּעס אָנקוקן...

צווישן עולם איז געוואָרן לעבעדיק. די מעשה מיטן אויס-פאַרקויף האָט פּשוט פאַרכאַפּט דאָס שטעטל. האָט מען פון אַלע זייטן געשפּאַנט צו גאָלדנבערגס הויז, פריי און מיט אַ בולטן, צו-להכעיסדיקן שטאָלץ פאַרבייגעשפּאַנט דאָס פענסטער וווּ די אויפשריפט איז געשטאַנען, און אַ טייל האָבן זיך אָפּגעשטעלט פונקט קעגן פענסטער מיט ווערטלעך, שפּאָט, און צייטנווייז זיך נישט איינגעהאַלטן און געוואָרנט מיט פינגער און פויסטן:

— וואַרט אויס, קינדערלעך, מ'עט זיך ערשט אָפּרעכענען מיט אייך! — — —

און נאָכדעם זענען אַ חברה „ווילע יונגען״ אַריין צו גאָלדנבערגן אין הויז איינציקווייז: איינער אַרויס, אַ צווייטער אַריין — און גאָרנישט געקויפט. זיי האָבן דען עפּעס געוואָלט קויפן? „זענען געגאַנגען בלויז, זאָגן זיי, אָפּטאָן „מאָריסלען״ אַ שפּיצל, אַז ער זאָל צעפּיקעט ווערן. אָבער, קויפן גאָר? — אַ

מכּה!״ האָבן זיי בלויז יעדער קלייניקייט אויפמערקזאַם איבער-געקוקט, זיך לאַנג געדונגען, און צולעצט אַרויס מיט אַ ווילד אויסגעפלאַצטן חוזק-געלעכטער.

ס׳זענען אָנגעקומען אַזוינע ביטערע טעג, נישט צום אי-בערטראָגן. מ׳האָט שוין יעדן אינדערפרי איבערגעציילט די לעצטע עטלעכע רובל, אַרומגעזוכט אין אַלע קעשענעס פונם אַלטן קליידונג און אין אַלע באַהאַלטענע ערטער, אפשר האָט זיך עפּעס אומגערן דאָרט פאַרוואַלגערט — און גאָרנישט געפינען. און אין אַ טאָג האָבן די קינדער געבעטן דער מוטער ברויט, און נישט געקריגן. ווו זאָל איך נעמען? — האָט די מוטער גע-קלאָגט. זי האָט אַרומגעשפּאַנט אַ בלאַסע און אַ פאַרוויינטע, אַלעמאָל זיך אָפּגעשטעלט ביי אַן אַנדער שטיק מעבל, געשטאַ-נען איבער דעם ווי אין אַ תּפילה און געבעטן הילף — און הילף איז נישט געקומען. וואָס וועט זיין? מער ווי פאַר אַלץ האָט מען זיך געזאָרגט פאַר די קינדער, די צוויי מיידעלעך. וואָס זענען זיי שולדיק? האָט מען זיי אַלעמאָל צוגעטוליעט נאָענט צו זיך, זיי געגלעט מיט טראַגישער ליבע און רחמנות, געקושט און דערציילט זיי וויציקע, אויפמונטערנדיקע זאַכן, און אַלעמאָל האָבן זיך טאַטע-מאַמע הויך און אומגעלומפּערט צעלאַכט, אַז זיי זאָלן אָנרעגן די קינדער צו אַביסל לעבעדיקייט, צו אַביסל גע-לעכטער און פריילעכקייט.

נאָכדעם האָט מען אָנגעהויבן הונגערן: ס׳האָט זיך אויס-געלאָזט די לעצטע מטבע. אַ וויסטע מרה-שחורה האָט זיך צע-לייגט אין שיינעם הויז. אינדערפרי האָבן די קינדער גאָרנישט געגעסן, געוויינט און די מוטער האָט זיי מיט ווייכע רייד איינ-גענומען, און אָפּגעלייגט דעם פרישטיק פון איין שטונדע צו דער צווייטער. אַלעמאָל האָט מען זיך אויפגעריסן פון די פיין-מחשבות, ווי פון אַ בייזן חלום, געלאָפן זוכן אַ שטיקל איבער-געבליבן ברויט אין קיך, אין שפּייז-שאַפע, אפשר האָט מען פריער שלעכט געזוכט — און אומזיסט. אַ קללה האָט זיך דאָ אַראָפּגעלאָזט. די פּראַכטפולע מעבלען האָבן איצט אַרויסגעקוקט ווי אָוועקגעשטעלט דאָ אויף חוזק: די ווענט און אַלע כּלים זע-

זען געשטאַנען אָפּגעלעבט, ווי אין טרויער: אַלץ אַרום האָט גע־שוויגן, טויט-פאַרשטומט, ווי מיט אַ שרעקלעכן סוד אין זיך: און די מענטשן זענען אַרומגעגאַנגען, ווי צווישן חורבות, און זיך אויפגעגעסן דאָס האַרץ.

און גאָלדנבערג האָט אָנגעהויבן חרטה-האָבן. עפּעס איז ער געוואָרן מיסטעריעז פאַרטראַכט, און אָנגעהויבן גלויבן, אַז ער קומט אָפּ פאַר זיינע זינד, וואָס ער האָט אויפן פרידלעכן שטעטל אַזויפיל בייז אָנגעבראַכט. „יאָ, ער קומט אָפּ! ס'איז אַ גאָטס שטראָף!" — האָט אָנגעהויבן פּיקן אין מוח. „וואָס זאָל ער טאָן? זאָל ער אפשר זאָגן די יידן, אַז ס'טוט אים באַנג, ער האָט חרטה? נו, וועלן זיי אים דען גלויבן? ער האָט דען איצט מיט וואָס זיי צו איבערצייגן, אַז ער מיינט עס באמת?.. ס'איז שלעכט!"... ער איז געוואָרן שטאַרק פאַרטרויערט און אַרומגעגאַנגען שטיל און פאַרטראַכט. ביינאַכט האָט ער נישט געקענט שלאָפן: די צוקונפט האָט זיך אים אַוועקגעשטעלט פאַר די אויגן אַ בייזע, אַ שרעקלעכע און געפערלעכע—ער גייט אונטער.

אין יענע טעג האָט זיך די מאַדאַם אַוועקגעלאָזט איבער די שטאָט-קראָמען צו לייען אַ פּאָר רובל, און נישט געקריגן. „וואָס הייסט מ'זאָל איר אין אַזאַ שלעכטער צייט אַנטלייען געלט? און זיי אַליין האָבן נישט, מיינט זי, קיין קליינע קינ־דער צו פאַרזאָרגן?... איז זי אַוועק אַהיים. באַלד איז זי צו־ריקגעקומען מיט איר גאָלדענעם זייגערל, עס פאַרמשכּונט פאַר וויפיל מ'האָט אָנגעבאָטן, און נאָכדעם צו דער טרויעריקער מדרגה זיך ביסלעכווייז צוגעוווינט: האָט אַלעמאָל געטאָסקעט נייע משכּנות. שאַרט זיך יעדע פּאָר טעג פאַרביי די גאַס שנעל-שנעל, מיט די אויגן פאָרויס, זיך נישט אַרומקוקנדיק, טראָגט מיט זיך אַ קליין קיישל מיט גאָלדוואַרג, זילבער אָדער אַנדערע טייערע חפצים, מיטן שאַל איבערגעדעקט, כאַפּט זיך אַריין ערגיץ און בלייבט שטיין מיט בעטנדיקע בליקן, אונטערטעניק-שטיל: „אפשר וועט איר מיר געבן אַ פּאָר רובל אויף דעם-אָ? איר דאַרפט מיר נישט געבן קיין סך... און אינגיכן וועל איך עס מסתם אויס-לייזן"... און אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען דאָס ביסל געלט

שוין אויפגעגעסן.

— יאָ, מ׳גייט אונטער...

ווינטער. ס׳האָבן זיך געשטעלט שטאַרקע פרעסט. די וועגן העט אַרום שטעטל זענען געלעגן וויסט און ליידיק צוליב די שניידנדיקע פעלד־ווינטן. קיינער איז אין שטאָט אַריין נישט גע־פאָרן. דאָס קליינע אָרט דאָ איז געלעגן פּוסט און שטום, איינ־געגליווערט אין אומעט, און פאַרהאַקט מיט טיר און טויער, ווי אַן אָפּגעשטאָרבענע שטאָט באַלאַגערט פון שונא. און דאָ פּלוצלונג, האָט אינמיטן דער נאַכט־שטילקייט אין אַ פּאָר הייזער אַזאַ גע־רודער זיך אויפגעהויבן, ווי מ׳וואָלט דאָרט באַפאַלן געוואָרן פון בייזע מענטשן אָן איינזעעניש, און אָט ווערט מען חרוב. צוויי קינדער זענען אין יענע הייזער פּלוצלונג קראַנק געוואָרן: האָט אין איינס־צוויי דער פיבער זיי אַ נעם־דורך געטאָן מיט אַ ברענענדיקער היץ, ווי אַ פייער, און זענען געבליבן ליגן גע־פּערלעך שלאָף. אויף מאָרגן זענען נאָך אַזוינע צופאַלן פאָרגע־קומען. און דער הויכער, דיק־אָנגעבלאָזענער פעלדשער האָט דאַן דורך טעג און נעכט אין די הייזער צווישן די קינדערלעך זיך אָנגעהויבן אַרומשלעפּן, קוים צייט געהאַט אַ פּאָר שעה ביינאַכט זיך דורכצושלאָפן, און שוין ווידער געשפּאַנט פאַמעלעך, מיטן שווער־אַראָפּהענגענדיקן בויך זיינעם, אין גרויען פרימאָרגן צו די באַזאָרגטע היימען ווו אַוועקגעפאַלענע קינדער זענען געלעגן פאַרלוירן אין אַ שווערער, אויסמאַטערנדיקער היץ, און כריפּענ־דיק געהוסט.

עטלעכע טויטן־פאַלן זענען דעמאָלט צווישן די קינדער פאָרגעקומען.

דעמאָלט איז אין הויז פון די גאָלדנבערגס דער לעצטער, שווערער קלאַפּ איבער די קעפּ געפאַלן: ס׳איז געשטאָרבן דאָס עלטערע מיידל.

פון דאַן אָן האָט זיך דער אינזשיניער אינגאַנצן פאַרלוירן. ער איז געזעסן „שבעה״, און אָנגעהויבן יעדן טאָג דאַווענען. און נאָכדעם האָט מען אים אַלעמאָל געזען אַ צעכראַסטעטן, אַן אָפּ־געלאָזענעם, מיט אַן אַלטן היטל אויפן קאָפּ, טאַסקענדיק אויף די

פלייצעס פון אויבן אויפן באַרג אַ סאָפע, אַ טישל, אָדער עפּעס אַן אַנדער זאַך: אינמיטן גאַס האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און גענומען שרייען, רופן, צורעדן, און צום סוף דעם חפץ פאַר־קויפט שפּאָט־ביליק. דערנאָך האָט ער שוין גענומען אויסליידיקן די רייכע הויז מיט עפּעס אַ מין קרענקלעכער הנאה: „ער דאַרף נישט גאָרנישט! ס׳פעלט אים נישט גאָרנישט — ער האָט שוין זיינס געהאַט!״ עפּעס ווי פון אַ ווילד־צעשפּרייטער, נאָכלויפנדי־קער שרפה האָט ער פון דעם גאַנצן אָנגעזאַמלטן גוטס זיינעם אָפּגעריסן אַלעמאָל אַליץ נייע שטיקער, און געטראָגן זיי פאַר אַלעמענס אויגן שנעל און מיט אַ מאָדנער קרענקלעכער הנאה אין גאַס אַריין, ווי וועלנדיק וואָס גיכער פון אַלצדינג פון פריער פּטור ווערן. פאַרקאָכט און נייגעריק־פאַרכאַפּט האָט ער דאָס פאַרמעגן זיינס אין אַ פּאָר ווערטער פאַרקויפט: אַז ער האָט זיך אַפילו נישט אומגעקוקט צו די היימישע, פּראַכטפולע זאַכן, ווען דער קונה האָט זיי אַוועקגעפירט... און באַלד נאָך דער מכירה איז ער אַוועק צו חיים־בערס אכסניה.

אין דער אכסניה ביים גלעזל ווייז האָט ער יאָ אַביסל רו און טרייסט געפינען. ער האָט דאָרט לאַנג געטרונקען: איז גע־זעסן מיט צונויפגעלייגטע הענט אָנגעשפּאַרט אויפן טישל, און די פאַרשיכורט־אָנגעגאָסענע אויגן האָבן פאַריאושט אויסגעגלאָצט אין טיפער פאַרטראַכטקייט, אַריינגעבליקט ערגיץ אין אַ וואַנט־פּונקט אַריין. אַלעמאָל האָט ער זיך אויפגעמונטערט און אַ זופּ געטאָן פון דער גלאָז. צייטנווייז האָט ער, אַ דערמונטערטער נאָך אַ געשמאַקן זופּ, זיך גענומען באַקלאָגן אויף זיין בראָך. ער האָט געהאַלטן אין איין רעדן צו זיך אַליין אויפן קול, צו־געשאָקלט מיטן קאָפּ, און פיינלעך, ווי אין אַ פרומען, האַרציקן „על־חטא״, איבערגעחזרט צום וויפילטן מאָל: יאָ, ס׳קומט מיר!.. גוט אַזוי, כ׳בין שולדיק!.. האָב געקוילעט אַ שטאָט מיט מענטשן!..״ און ער האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעלאָזט: האָט אויפגעהערט זיך ראַזירן דאָס פּנים, און געוואָרן ווילד פאַרוואָקסן מיט בלאָנדע, שטעכיקע האָר: האָט אָנגעהויבן צו שפּאַנען פּאַמעלעך, איינגע־האַלטן און נישט אַרומקוקנדיק זיך, און פאַרזונקען אין שווערע

פיינלעך-מאַטערנדיקע געדאַנקען: און נאָכדעם פלעגט ער שוין שעהנווייז אַרומגיין אין גאַס מיט טראַגיש-אויסגעשטעלטע בליקן גלייך פאָרויס, מיט די הענט אויף הינטן, גערעדט עפעס צו זיך אַליין, און צוגעשאָקלט מיטן צעשויבערטן, בלאָנד-פאַרוואָקסענעם קאָפּ דאָ אויף „יאָ", דאָ אויף „ניין".

און די רייבע הויז האָט זיך ביסלעכווייז אויסגעליידיקט. וואָסאַמאָל איז אַלץ פוסטער און טרויעריקער אין די צימערן געוואָרן. איז דאָ און דאָרט נאָך יאָ געבליבן אַ טייערע זאַך, וואָס מ׳האָט נישט געקענט פאַרקויפן, האָט זי אויסגעקוקט ווילד און אויף חוזק, און ס׳איז נאָך מער פאַרדרוס געווען: ניכאַי וואָלט כאָטש נישט געבליבן פאַר די אויגן קיין זכר, און ס׳וואָלט נישט געשטאָכן, און מ׳וואָלט נישט געהאַט קיין הארץ-ווייטיק. די יונגע מאַדאַם איז אַרומגעגאַנגען שווייגנדיק און צעשויבערט פון צימער צו צימער, און בלויז געקרעכצט אויף איר חורבן. אַלעמאָל איז זי געבליבן זיצן אויף עפעס אַ בענקל, וואָס האָט איצט קיין ריכטיק אָרט נישט געהאַט, געקוקט מיט קלאָגעדיק-פאַרטראַכטע אויגן אין דער אָרימער הויז-פוסטקייט אַריין: צו די אַראָפּגעלאָזענע פאָרהאַנגען פון די פראָנט-פענסטער וואָס האָבן פאַרשטעלט פאַר איר הויז די ליכט, ווי פאַר פאַרמשפטע אין אַ תפיסה: און דאָ האָט זי דערזעהן דאָס פוסטע אָרט וווּ די פאַרקויפטע פיאַנאָ איז פריער געשטאַנען, און זיך דערמאָנט אָן דער טויטער טאָכטער: שוין, איצט האָט זי שוין אַלץ אָנ-געוווירן... און די קלענערע טאָכטער, די איבערגעבליבענע, מו-טשעט זיך אויך ווי אויפן טויט... וואָס-זשע פאַר אַ לעבן איז דאָס?"... זי האָט געהערט ווי דער צעטראָגענער מאַן פאָרקעט זיך נאָך ווייטער אַרום אייניקע איבערגעבליבענע שטוב-זאַכן, און זיך אפילו נישט אומגעקוקט. זי האָט עפעס געפילט צו אים אַ מאָדנע עקל, אַליין זיך אויך דערפילט קליין און איבעריק, און געטראַכט:

— אַך, ווען נישט דאָס קליינע איבערגעבליבענע קינד... זי וועט נאָך אפשר באַגיין זעלבסטמאָרד...

און די יידן אין שטעטל האָבן נאָכגעקוקט דעם געוועזע-

נעם געהיים-אַגענט אַזש מיט האַרץ-ציטערניש: „אָט דאָס איז מאָריס גאָלדנבערג?"... זיי האָבן געזען ווי ער שפּאַנט אַרום אין די גאַסן אַ צעבראָכענער, מיט אַ פּאַרלאָזענעם, אָנגעוואַקסענעם פּנים און מעלאַנכאָלישע בליקן: ווי זיין מאָגער פּנים ווערט אַלץ איינגעפאַלענער, און ווי ער דרייט אַלץ מיטן קאָפּ אויף „יאָ" און אויף „ניין" — און שוין נאָכגעטראַכט מיט מיטלייד:

— אַ רחמנות—וואָס פון אַ מענטשן קען ווערן... אַ שטראָף פון גאָט...

# די קויל

## א.

נאָכדעם ווי שלמה זיידמאַן איז אָפּגעווען אַ יאָר אין דער אַרמיי, און דאָס בענקעניש האָט אים שוין צופיל געמאַטערט, האָט ער געפּרוּווט בעטן וואַקאַציע:

— ווייניק געלט און מתנות האָבן זיי אים שוין אָפּגעקאָסט, די „טשינאָווניקעס"—אפשר וועט ער עפּעס אויסבעטן?

איין זאַך איז אים געשטאַנען אין וועג:

— וואָס וועט זאָגן דער בייזער ראָטע-קאָמאַנדיר.

דער קאָמאַנדיר איז געווען באַקאַנט אַלס זייער אַ שלעכ-טער. צו די סאָלדאַטן רעדט ער קיינמאָל נישט אויס קיין גוט וואָרט: ענטפערט זיי נישט אויף קיין באַגריסונגען, און באַליי-דיקט זיי ביטער פאַר דער מינדסטער קלייניקייט. וואָלט עס נאָך אַלץ געווען צו דערליידן. איז אָבער דער קאָמאַנדיר אַ געוואַל-דיקער שונא ישראל: נאָר ער טשעפּעט זיך צו די יידישע סאָל-דאַטן. האָט זיך אַ ייד עפּעס פאַרזינדיקט, האָט זיך דאָס זויער-אָנגעבלאָזענע פּנים באַלד צעפלאַמט: דאָס מויל האָט צאָרנדיק גענומען שיטן מיט גיפט און שנאה, און אַלע יידן זענען גע-וואָרן „שמוציקע זשידעס" און „שונאים פונם פאָטערלאַנד". און נישט איינמאָל האָט שוין געטראָפן: דער פאַרזינדיקטער איז נאָך זיין „פאַרברעכן" גערופן געוואָרן אין קאַנצעלאַריע, ווו דער קאָ-מאַנדיר האָט אַן אויפגערייצטער זיך צעהוליעט, הינטער פאַר-מאַכטע טירן...

און דאָ, אין עטלעכע טעג אַרום — אַזאַ נס! טאַקע דער ראָטע-קאָמאַנדיר אַליין, פאַרבייגייענדיק:

— העי, זיידמאַן, ווייסט, אַז דו קריגסט וואַקאַציע? קום אַריין מאָרגן אינדערפרי אין קאַנצעלאַריע נאָך די פּאַפּירן.

דעם צווייטן טאָג איז זיידמאַן געקומען אין קאַנצעלאַריע. ער האָט געטראָפן בלויז דעם קאָמאַנדיר:

„אָ-אָ, זיידמאַן איז שוין דאָ... גוט, או—יסגעצייכנט... פּונקט אין צייט: אָט אַ בריהאַק!" ער האָט זיך גענומען נער־וועז אַרומפּאָרקן צווישן דאָקומענטן אויפן שרייב-טיש, געקוקט אויפן יידישן סאָלדאַט גנביש פון אַ זייט, און ערנסט אַ זאָג געטאָן: „זיץ!" נאָכדעם האָט ער מורמלדיק שטיל עפּעס אַ פּאַפּיר איבערגעלייענט, צוגעשלאָסן די טיר, און אַרויסגענומען פון טאַש זיין רעוואָלווער. ער האָט אים אויסגעלײדיקט, און געוויזן דעם סאָלדאַט די קויל: „ווייסט וואָס דאָס איז? אַ פּאַטראָנע, טייערינקער..." איצט האָט ער די קויל צוריק אַריינגעלייגט, און אויפגעהויבן דעם פּיסטאָלעט גאָענט קעגן זיידמאַנס אויגן:

— גלייך זיץ!

דער סאָלדאַט איז געבליבן זיצן מיט אַ צעטרייסלטן קאָפּ: די אויגן האָב פאַרגאַפטע זיך ברייט אויפגעריסן, און דאָס פּנים האָט זיך צעקאָרטשעט און געבעטן רחמים:

— אָ—אָ—... פּאַ—רוואָס?...

— כאַ-כאַ! — האָט זיך דער אָפיצער צעפרייעלעכט. — וואָס דאַרפסטו זיך דאָ שרעקן? איז ווי דענקסטו, שליאַמקאַ, מעג איך שוין אַ צי טאָן דאָס צינגל? אַ נו, די פּאַטראָנע איז, דאַכט זיך, אינעווייניק, האַ? אָ, יאָ!... כאַ-כאַ-כאַ!...

דאָ איז ער אַ מינוט געוואָרן ערנסט, און אַ גיפטיק שמייכעלע האָט אויפן פּנים זיך צעשפּילט:

— ווילסט טאַקע פאָרן אַהיים, שליאַמקאַ? דאָס שיינע ווייבעלע האָט זיך פאַרבענקט, האַ? נו, גוט, מ׳גיט דיר פינף טעג. אָבער, זעסט דעם רעוואָלווער? טאָמער פאַרדרייסטו זיך מיט דיין ווייבעלע, און קומסט נישט צוריק אין דער צייט — איז אַריינגעהאַקט אַ פּאַטראָנע גלייך אַהער-אָ אין שטערן... האָסט פאַרשטאַנען, זשיד?

— י—יאָ...

זיידמאַן איז אַרויס מיטן וואַקאַציע-פּאַפּיר, און זיך קוים באַוויזט פונם קאַלטן שווייס אויפן פּנים. ער איז אַוועק צו זיין קאַזאַרמע. נאָכדעם האָט ער געהאַלטן אין איין אַרומשפּאַנען איבערן הויף אַ בלייכער, אַ פאַרלוירענער און טויט-דערשראָקן, און גאָר פאַרגעסן, ווו ער האַלט. ערשט פאַרנאַכט-צו האָט ער זיך מיטאַמאָל אַ כאַפּ געטאָן:

— וואָס-זשע וואַרט ער אַלץ! דערווייל גייט דאָך אַוועק די צייט!

ער איז אַריין אין קאַזאַרמע, און אָנגעשטרענגט-שנעל זיך גענומען פּאַקעווען:

— כאָטש אַ פּאָר טעג מיט ווייב און קינד.

ב.

אַז זיידמאַן איז נאָר אַהיימגעקומען, האָט ער פּאַר גרויס גדולה באַלד פאַרגעסן דעם יאָך פון זיינע פריערדיקע שווערע טעג. דערזען די אייגענע, די ליבע היימישע פּנימער, האָט ער אינגאַנצן אויפגעשיינט. אין שטוב אַריין האָט באַלד אַ מאַסע נייגיריקע יידן פון שטעטל אַ שטראָם געטאָן. האָט ער אַ צעטומלטער פון פרייד געטיילט „שלום עליכמס" צום רווישיקן, אָנגעלאָפּענעם עולם פון אייגענע, נאָענטע און ווייטע, געפילט זיך גליקלעך, ווי גאָר אַ נייער מענטש—און אַלעמאָל אומגעדולדיק אַ קלער געטאָן:

— ווען וועט ער שוין קענען בלייבן אַליין מיט ווייב און קינד!

אין ערשטן טאָג איז ער געווען פאַרשיכורט פון גדולה. דאָס ווייב—אַזאַ טייערע נשמה! ווי זי האָט זיך עס דערפרייט מיט אים! און דאָס בת-יחידקעלע, דאָס זעקס-יאָריקע טעכטערל— קיין עין-הרע, אַזוי גרויס געוואָרן פאַר דער צייט... און ווי טייער זי איז! ווי האָט ער געקענט לעבן אָן איר די גאַנצע צייט?... האָט דער פאָטער נישט אויפגעהערט זיך אַרומצושפּילן מיט איר, און אַ גאַנצן טאָג האָט מען אַלץ געהערט „שרהלע!",

„שרהלע!" לויפט אַרום איבערן הויף, דער צעפּריילעכטער טאַ־טע שפּרינגט און לאַכט מיט ווילדע קולות גלייך מיטן יונגן קינד, און אַלעמאָל קלאַפּט ער אָן אין פענסטער:

— געוואַלד,ביילע, וואָס איז מיט דיר? וואָס קומסטו נישט אַרויס? ווי אַזוי קענסטו זיצן אין שטוב, און נישט זען ווי דאָס קינד שפּילט זיך?!

און פּלוצלונג האָט אַ שטורם זיך אָנגעיאָגט:
דאָס קינד האָט זיך אַוועקגעלייגט קראַנק.

תחילת האָבן טאַטע־מאַמע געמיינט, די ערד האָט זיך אונ־טער זיי געעפנט: „איצט־אָ, דער פּאָמער איז אַהיימגעקומען אויף עטלעכע טעג—אַזוינע צרות?" אַביסל שפּעטער, אָבער, געקומען צו זיך פונם פּלוצלונגדיקן קלאַפּ, האָט מען זיך אַרומגעקוקט און געזוכט אַ תרופה. די שטוב איז שטיל פאַרזונקען אין טרויער. די מוטער האָט זיך אַרומגעשאַרט איבער די צימערן ציטערנדיק, מיט ווייכע טריט און אָן ווערטער, און אַלעמאָל מיט רחמנות באַטראַכט דאָס קינד: „ס'האָט, דאַכט זיך, צופיל היץ. וואָס טוט מען?" און זי האָט מורא געהאַט צו זאָגן דעם מאַן, אַז זי האָט מורא.

שלמה האָט גערופן דעם דאָקטאָר. נאָכן דאָקטאָרס אַוועק־גיין האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט אַ צעווייטיקטער ביים קינדס בעטל, געגלעט דעם קאָפּ געקרייזלטע האָר, געקוקט אויף איר בלייכן פּנים און רויט־צעהיצטע אויגן, און זיך געוואַלדיק גע־ערגערט:

— וואָס טרייסט ער, דער דאָקטאָר? וואָס דערציילט ער בבא־מעשיות! מ'דערקענט דען נישט אָן דעם קינדס פּנים, אַז ס'ווערט ערגער...

אָט אַזוי עטלעכע טעג.

דאָס קינד האָט געקראָגן אַלץ מער היץ. ס'האָט גע־קרעכצט, זיך געקלאָגט, געקוקט אויף די עלטערן מיט בעטנדיקע אויגן, אַז ס'האָט אויסגעריסן דאָס האַרץ, און אַלץ געריסן פון זיך. דאָס קערפּערל האָט זיך איינגעשרומפּן און קלענער גע־וואָרן. דער דאָקטאָר האָט אָנגעהויבן קומען צוויי מאָל אַ טאָג.

איטלעכס מאָל נאָך זיין אַוועקגיין האָט מען גענומען אַרויסקוקן אויף אַ באַלדיקער ישועה—און דאָ איז גאָר געוואָרן ערגער.

— רבונו-של-עולם, וואָס וועט זיין?

ביז איינמאָל אין אַ פרימאָרגן. זיידמאַן איז געזעסן אין עס-צימער, נאָך אַ שלאָפלאָזער נאַכט, אַ צעטראָגענער און פאַר-מאַטערטער, דעם צעשויבערטן קאָפּ פאַרוואָרפן אויפן טיש, און לייכט געדרעמלט. דאָס ווייב איז הינטערגעקומען שטילערהייט:

— שלמה! הער-נאָר, שלמה! דאָס קינד מאָנט דאָך עסן!... אַ גאַנצע נאַכט אַזוי טייער געשלאָפן, קיין עין-הרע... און די היץ איז שוין, דאַנקען גאָט, אויך אַביסל אָפּגעגאַנגען...

— האַ? דעם קינד איז אַביסל גרינגער, זאָגסטו?

ער איז אַוועק צום מיידעלעס בעטל. שרהלע איז געלעגן אַ בלאַסע, אַן אָפּגעצערטע, אָן כוחות, און געקוקט אויף אים מיט קלאָרע, פריידיק-אויפגעלויכטענע אייגלעך. ניי לעבן האָט געשפּילט אין זיי. דער פאָטער האָט געכאַפּט אירע הענטלעך, וואָס זענען געלעגן צעוואָרפן אויף דער קאָלדרע, געקושט און אָנגעקוועלט: „אָ, מיין ליבע נשמה!” אין שוואַרצן, צעפּאַטלטן קעפּל מיט די קרויזן איז געלעגן פאַרפּלאָנטערט אַ קליין פּע-דערל: האָט עס דער פאָטער אַרויסגעשלעפּט, אַ היבשע צייט זיך אַרומגעשפּילט מיט דעם צווישן די פינגער, און עס נישט גע-וואָלט אַרויסלאָזן. די מוטער האָט צוגעלעגט צום קינדס וואַ-רימען שטערן איר באַק:

— אַ דאַנק דיר, זיסער גאָט.

אַז שלמה איז איצט אַוועק פון דער טאָכטערס בעטל, האָט ער פרייער אָפּגעאָטעמט. עפּעס ווי אַן אומדערטרעגלעכע משא האָט ער פון זיך אַראָפּגעוואָרפן. ער איז געוואָרן אין זיינע באַוועגונגען פרייער, לעבעדיקער, זיך גענומען דרייען איבערן צימער און אַלעמאָל אויסגעקומען נעבן דער טאָכטער, און דאָס פּנים האָט געלויכטן פון גליק.

און דאָ, אַביסל שפּעטער, איז זיידמאַן פּלוצלונג, אַזוי זיך דרייענדיק איבערן הויז, געבליבן שטיין מאָדנע צעטומלט. אין קאָפּ איז זיך צעקראָכן ווי אַ טשאַד. ער האָט געקוקט מיט

ברייט-צעעפנטע, אויסגעשטאַרצטע אויגן, ווי ס׳וואָלט אים אַן אומגעריכט-אויפגעזעצט פייער פאַרן פנים אַ שלאָג געטאָן. אַ פיינלעכע מחשבה האָט אים שאַרף אַ קלעם געטאָן ביים האַרצן, צעטומלט, און געבליבן איינגעפלאָנטערט אין קאָפּ:

— האָסט פאַרשפּעטיקט אַ טאָג...

## ג.

זיידמאַן איז געזעסן אין עס-צימער ביים טיש אַ טרויעריק פאַרטראַכטער. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף די עלנבויגנס, און די צעעפנטע דלאָניעס האָבן צענויפגעפּרעסט די באַקן:

— וואָס טוט מען? ווי אַזוי זאָל ער זיך איצט ראַטעווען?

קעגן די אויגן איז געשטאַנען דער בייזער קאָמאַנדיר מיט זיין רעוואָלווער.

— זאָל ער אויסזאָגן ביילען?

האָט אָבער דאָס ווייב זיך געכאַפּט אַליין. דערלאַנגט צום טיש טיי, האָט זי באַלד באַמערקט דעם מאַנס אומרו. דאָס היטל איז אים פאַררוקט העט-אויבן אויפן קאָפּ, מיטן דאַשעק אויף אַ זייט: פאָרנט זענען די האָר ווילד צעפּאַטלט געוואָרן: און פון די אויגן ווייַנט רחמנותדיק אַרויס אַ ים מיט צער און האַרץ-געבעט. אַ שוידערקעלט איז איר אַזש איבערן לייב דורכגעלאָפן:

— וויי איז מיר! וואָס איז געשען, שלמה?

האָט ער איר שוין אַלץ דערציילט.

אויף דער מינוט האָט די פרוי זיך צעטומלט. זי האָט זיך אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ, און אַריינגעלאָפן אַ פאַרצרהטע אין צווייטן צימער: „געוואַלד! געוואַלד, כ׳בין אומגליקלעך! וואָס טוט מען, מענטשן?!” באַלד אָבער איז זי צוריקגעקומען מיט אַן עצה, שטיל, און כּלומרשט שוין אַ באַרויִקטע:

— הער, מיין ליבער מאַן... וואָס קענען מיר טאָן? זיך נעמען דאָס לעבן? וואָס טוען דען אַנדערע אין אַ סכּנה?

און מאַן און ווייב זענען שטילערהייט אַרויף אויפן בוידעם.

---

זיידמאַן האָט זיך אויסבאַהאַלטן. ציטעריק און אָנגעשטרענגט איז ער גאַנצע טעג געזעסן פאַררוקט אין דער טונקל אין אַ

בּוידעם-ווינקל, אויף אַ קליין קעסטעלע, און זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו יעדן מינדסטן שאָרך פון דרויסן. אַז ס׳זענען אַוועק עטלעכע טעג, איז די מורא אַביסל לייכטער געוואָרן, אָבער זי האָט אים נאָך אַלץ נישט אָפּגעלאָזט. „דערווייל גייען די טעג איבער בשלום... אפשר וועט זיך די מלחמה איינגיכן ענדיקן, און מ׳וועט אַזוינע ווי ער מוחל זיין... באַפרייען?... אָבער, ווער קען וויסן... אַזאַ פייער!...״ אַזוי-אָ האָט ער זיך אַרומגעוואַקלט אין די געדאַנקען מיט אַ פיינלעכן אומגעדולד. ער האָט געהאַלטן אין איין ציילן די שעהן: ווער ווייס וואָס באַלד קען געשען? פון דער לייכטסטער באַוועגונג אַרום אים, פון אַ קאַץ אָדער פון פאַרביילויפנדיקער מויז, האָט ער זיך אַ חויב געטאָן פונם קעסטל אַן אויפגעציטערטער, און זיך אַרומגעקוקט מיט אויפגעריסענע, צעמישטע אויגן, און בלאַס, ווי אין טויט-שרעק.

— האַ?... ווער איז דאָ?...

אָפּטמאָל פלעגט ער זיך אויסציען פלאַך איבער דער ערד הינטערן פאָדערשטן בוידעם-ברעג, און שאַרף אָנגעשטרענגט זיך צוגעהערט צו דער גאַס: „וואָס רעדט עפּעס דער עולם וועגן דער מלחמה? ווו האַלט מען איצט? מ׳הערט נישט עפּעס אַז דאָס פייער זאָל שוין אויפהערן? ס׳איז גאָר אָן אַ סוף!״ אין יענע אָנגעשטרענגטע מינוטן, ליגנדיק אויף דר׳ערד, האָט ער אויסגעטייטשט די נישט-דערהערטע ווערטער צום ערגסטן, געטרויערט אויף זיין לעבן אָן אויפהער, און געמיינט, אַז זיין לאַגע פון שרעק און אָפּגעשלאָסנקייט וועט זיך שוין ציען אייביק.

ערשט אין די אָוונטן האָט ער זיך אַביסל איינגעשטילט. ער האָט זיך פלוצלונג דערפילט אונטער דער שוץ פון דער אייגענער היים. דאָס ווייב איז אַרויפגעקומען אויפן בוידעם. זי איז אַרויף אַ מונטערע, און אים אָנגעהויבן מיט אַן אויסערגעוויינלעכער גוטסקייט און געטריישאַפט, אויסצורעדן דאָס האַרץ: „וואָס פילט ער זיך אַזוי פאַרלוירן, דער נאַרישער מענטש? וואָס איז ער, אַ פיצל קינד? ער מיינט „נאַטשאַלסטוואָ״ האָט שוין מער קיינעם נישט אין זין, נאָר אים? כי... אַפילו, אַז, גאָט

זאָל אָפּהיטן, זאָלן עפּעס געוואויר ווערן, וועט אויך גאָרנישט זיין... מיט אַ פינפּערל קומט מען זיי איבער... און — מ׳רעדט דאָך גאָר שוין פון מאַכן שלום. ביז ווען קען זי זיך ציען, די מלחמה?—״

— יאָ, שוין באַלד דריי יאָר...—פּלעגט זיידמאַן דעמאָלט ענטפערן, האַלב טרויעריק—האַלב מיט האָפענונג.

און אָפּטמאָל אין די אָוונטן, האָט דאָס ווייב אַרויפגע-בראַכט צו אים שרהלען. „אָט האָסטו דיין קינד״, — פלעגט זי אַרויפקומענדיק אַ זאָג טאָן מיט אַ באַהאַלטענעם האַרץ-ווייטיק און—נחמה. און ער פלעגט טאַקע דעמאָלט, דערפילנדיק דאָס קינד נעבן זיך, גאָר אויפלעבן. דאָס פאַרבאָרגענע ווינקל איז געוואָרן אַן אָפענע, ברייטע וועלט. שטילערהייט האָבן זיך דער טאַטע און די קליינע בת-יחידה אַרומגעשפּילט און האַרציק פאַרבראַכט, און דער נידעריקער, טונקעלער בוידעם איז באַלד מיט אַ ליכטיקער, נשמהדיקער פרייד פון אמתער ליבע און פריינטשאַפט אָנגעזאַפּט געוואָרן. געוואַלד, פאַרוואָס האָב איך דיך אַזוי ליב!—האָט ער זי געהאַלטן אין איין קושן און דריקן צו זיך. ער האָט גאָרנישט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט איר: אָט האָט ער קוים צום דערהערן געפּאַטשט זיך מיט איר הענט קעגן הענט און אָנגעקוועלט פון איר בריהשער פלינקייט: דאָ האָט ער איר געהייסן אים אָננעמען פון הינטן ביי אַ ברעג ־עקל, און ער איז ווי אַ פריציש, פיין־אויסגעמושטירט פערדל אַרומגעלאָפן איבערן בוידעם מיט לייכטע, קוים-אָנגעקעשטעלטע טריט, און זי, הינטער אים האָט אַ גליקלעכע געקלאַפּט מיט אַ האַנט אין דער לופטן, מיט אַן איינגעהאַלטן קול: „וויאָ, פער-דעלע! וויאָ—!...״ אָט האָט ער זיך מיט איר גענומען שפּילן באַהעלטעניש. און—פּלוצלונג: „שאַ! ווייסט וואָס, שרהלע, אפשר ווילסטו זיך אַביסל דורכפאָרן רייטנדיק? יאָ, קינד?״ און איידער עפּעס-וואָס איז ער שוין געלעגן אויף דר׳ערד אויף אַלע פיר, געלאָפן, זיך געדרייט, געהויבן דעם רוקן און אַרומ-געפירט דעם פאַסאַזשיר זיינעם איבער פאַרשידענע מקומות, און דאָס קינד האָט שוין געהאַט די אמתע, גליקלעכע רייזע.

ערשט ווען זי איז אַוועקגעגאַנגען, האָט ער זיך דערמאָנט אָן דער ליכטיקער, פרייער וועלט אינדרויסן: אָן דער היימישער תּפיסה דאָ, ווו ער האָט אַליין זיך איינגעשפּאַרט שוין אַזוי לאַנג, אָן אַן אויסוועג—און ער האָט, אַ פּאַרווייטיקטער, זיך צערעדט פאַר זיין אייגן האַרץ:

— רבונו-של-עולם, מיט וואָס האָב איך זיך אַזוי פאַרזינדיקט? — — —

ד.

מיטאַמאָל האָט אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע.

אָרימע, ליידנדיקע מאַסן מענטשן זענען איצט אַרויס צום דרויסן פריי און מוטיק, דערפילט דעם גייסט פון דער נייער צייט, און געוואָלט מיט אַלע כּוחות עפּעס טאָן פאַרן באַפרייטן לאַנד. מ׳האָט אַלץ גערעדט וועגן דער מלחמה: וועגן די נישט געטריייע און באַהאַלטענע: וואָס וועט טאָן די נייע רעגירונג — און איין זאַך איז באַלד געוואָרן קלאָר: נישט די אויסבאַהאַלטענע פון מיליטער-דינסט, און נישט אפילו די אַנטלאָפענע פונם מלחמה-פראָנט וועלן עפּעס ליידן: קיינער איז פאַר זיינע מעשים קעגן דער צאַרישער רעגירונג נישט פאַראַנטוואָרטלעך.

אין יענע טעג איז אויפגעקומען ביי די מענטשן אַ זעלטענע ליבע און דאַנקבאַרקייט צו דער גרויסער און פרייער רוסישער ערד. אָן אַ צאָל באַגייסטערטע מאַסן האָבן זיך געריסן, ווי פון עכסטן גליק פאַרכּישופט, אויף אַלע זייטן, זיך מקריב צו זיין פאַר די אָנקומענדיקע שיינע טעג. אַן אויסערגעוויינלעכע גוטסקייט און איבערגעבנקייט צו דער וועלט האָט דעמאָלט רוסלאַנדס איינוווינער אַרומגענומען. איז מען געוואָרן אָפּפערווייליק, און ווער ס׳האָט פריי פונם האַרצן אַרויס זיינע הענט דעם נייעם לאַנד פאָרגעשלאָגן, ווער זיין חכמה, און ווער זיין גאַנץ לעבן—אַלץ פאַר דער ליכטיקער צוקונפט, פאַרן נייעם אויפקום.

אין יענע זוניקע טעג איז אַרויס פון זיין באַהעלטעניש שלמה זיידמאַן, און זיך אָפּגעזעגנט מיט ווייב און קינד:

— נו, איצט, מיין ווייב, מוז איך גיין... ס'אַ חוב!...
ער איז אַוועק. אין עטלעכע וואָכן אַרום איז ער שוין געווען אויפן מלחמה-פראָנט.

## ה.

פרימאָרגן. אויפן פראָנט. ס'האָט קוים שאַריעט אויף טאָג. איבערן שלאַכט-פעלד איז איצט שטיל געווען. די סאָלדאַטן האָבן נאָך גערוט. מידע, פאַרמאַטערטע, מיט צעווייטיקטע ביינער פון צעבראָכנקייט און אויסגעליידיקטקייט, איז מען געלעגן אויף דר'ערד שווער-אַוועקגעפאַלענע, מיט די פנימער אין דער קילער ערד איינגעטוליעט, ווי פּלוצלונג-אומגעפאַלענע אין חלשות. אויף אַלע זייטן זענען געשטאַנען די פעלד-וואַכן, שפּירנדיק מיט שאַרף-אָנגעשפּיצטן אויג און אויער, העלדיש-גרייט און מונטער: „אפשר לויערט עפּעס אַ סכנה? טאָמער, פּלוצלונג אַן אָנפאַל פון שונא פון אַ זייט ערגיץ?... ס'הערט זיך נישט אַ שיסעריי פון וויטנס?...״ זיי האָבן געהיט די שלאָפנדיקע אַרמיי. אָבער אין די וויטן איז נאָך פון בייטאָג אָן טויט-שטיל געווען. פאַרקערט, דאָ, נאָענט אַרום זיי, האָבן נידעריק ביי דער ערד שטילע, פאַרשטיקטע שטימען זיך אַרומגעטראָגן: אומבאַוווסטזיניקע, קלאָגנדיקע מורמלערייען פון איינגעשלאָפענע אין בייזע שרעק-חלומות: פאַרדריסיקע, אומקלאָרע טענות און קרעכצערייען פון פאַרמוטשעטע גופים, וואָס ציען זיך און שטרעקן זיך אויף אַלע זייטן און ווילן זיך, אַפּנים, אויסגלייכן אַביסל — און זענען צו שוואַך. „אָ, ווי דאָס ביסל רו דערקוויקט! ביטער מזל—מ'איז דאָך שוין אַזויפיל נעכט נישט דערשלאָפן!...״ ס'האָט זיך עפּעס געוואָלט אַזוי-אָ ליגן אייביק שוין, אויסגעצויגענע און מאַט-אַוועקגעפאַלענע, מיט די אויסגעשטרעקטע הענט פאַרוואָרפן פאָרויס פאַרן קאָפּ, קילן אַלץ די צעהיצטע לייבער אָן דער פרישער, קילער ערד, און טיף הנאה האָבן אַזוי פון דער זיסער רו אָן אַ סוף...
דאָ, צווישן די סאָלדאַטן אויף דער וואַך, אין די סאַמע

הינטערשטע רייען פון די מלחמה־פאָזיציעס, האָט זיך געפינען שלמה זיידמאַן. ער האָט איצט אַרומגעשפּאַנט. האָט דורכדרינג־לעך נאָכגעשפּירט דער נאָענטער סביבה, און זיך טיף איינגע־הערט אין די ווייטן. די ביקס איז ביי אים געווען הויך אויפן אַקסל אויפגעהויבן. ער האָט געשפּאַנט פּאָרזיכטיק־איינגעהאַלטן, אַלץ געדרייט מיטן קאָפּ, און נאָכגעשפּירט דעם אַרום אַזוי שאַרף־אויפמערקזאַם, אַז ער האָט אויסגעקוקט ווי באַזאָרגט און שטאַרק אומרויִק. אַ האַרציקער, געטרייער שומר! מיט אַן אומגעווייַנלע־כער גרייטקייט און איבערגעגעבנקייט האָט ער איצט זיינע ברי־דער אויפן פראָנט געהיט! גייענדיק האָבן אַזש אַלע אברים אין אים אַרומגעציטערט, פון באַזאָרגטקייט טאָמער טרעפט עפּעס... האָט דאָך דאָס מוראדיקע פייער געקענט אויספּלאַצן יעדער מי־נוט, און די סכנה איז געוואַלדיק גרויס געווען — און פונדעסט־וועגן האָט ער איצט, אַרומשפּאַנענדיק אין דער נאַכט־שטילקייט, אַפילו נישט אַ טראַכט געטאָן פון זיך אַליין, אָדער פון זיין היים און פאַרבענקטע ווייב און קינד. די זאָרגן פאַר דער רויטער אַרמיי האָט דעם גאַנצן מענטשן פאַרכאַפּט:

— שטיל אַרום?

— יאָ... דורכויס שטיל...

און פּלוצלונג: נישט ווייט פאָרויס, נעענטער צו די פאָדער־שטע רייען, האָט עמיצער אויסגעשאָסן. דאָס צעשפּרייטע, פאַר־שלאָפענע מיליטער, האָט פאַרדריסיק זיך גענומען קאָרטשען, אָבער אַפילו די קעפּ האָבן זיך נישט אונטערגעהויבן. בלויז די וואַכן האָבן זיך אויפגערירט מיט אומרו: „וואָס איז? וואָס איז געשען?“ דער סאָלדאַט זיידמאַן האָט פון נישט ווייט דערהערט אַ פאַר־דעכטיק שאָרכעריי פון גנביש־לייכטע, לויפנדיקע טריט. ער האָט זיך אַ גלייך־אויס געטאָן, און ווי אויסגעוואָקסן העכער. אַ חיילע איז ער אַזוי געשטאַנען פאַרגליווערט שטיל, אַריינגעטאָן מיט די שאַרף־זוכנדיקע אויגן אין דער טיף פון דער אויפגייענדיקער שוואַכער מאָרגן־שיין, און עפּעס ווי זיך פאַרלוירן מיט אַלע כוחות אין איין חוש זיינעם—אין געהער־חוש:

— ווער איז דאָרט? — — —

אַלויפנדיקער מענטש. ער האָט דערזען ווי עמיצער אַ טיף־איינגעבויגענער, מיטן קאָפּ איינגעטוליעט און באַהאַלטן אין שינעל, איז געלאָפן צווישן די ליגנדיקע סאָלדאַטן, אַלעמאָל זיך אָפּגעשטעלט און געוואָרן שטאַרק נידעריק, נאָכדעם אומרויִק אַרויסגעשטעלט אַ שטיקל קאָפּ, און איבערגעלאָפן נאָך אַ שטיקל שטח. ער האָט זיך געריסן אַלץ ווייטער און ווייטער, הינטערן פראָנט אַרויס. זאָל דאָס זיין אַ שפּיאָן? — האָט ויידמאַן נאָכגעקוקט. צי אפשר וויל דאָ עמיצער אַנטלויפן פון פראָנט? ער האָט געוואָלט אויסשיסן, און זיך עפּעס צוריקגעכאַפּט: אפשר וועט ער יענעם אַזוי קענען אָפּשטעלן? אינטערעסאַנט ווער ס׳איז... און — זאָלן נאָך די שלאָפנדיקע רוען... איז ער אונטערגעלאָפן נע־ענטער:

— העי, ווער איז דאָרט?

יענער איז געוואָרן צעטראָגן. ער האָט זיך אַ לייג־אַוועק געטאָן אויף אַלע פיר, אימפּעטיק־שנעל גענומען קריכן, און אַרונ־טער אונטער אַ בוים. אַ ווייַלע איז ער דאָרט געלעגן, און ויידמאַן האָט אים פאַרלוירן פון אויג. אַ מינוט שטיל. דאָ איז יע־נער אַרויס פון אונטערן בוים, אַ קורצן שטח געקראָכן, און מיטאַמאָל זיך אויפגעשטעלט אויף די פיס, און גענומען אַוועק־יאָגן איבערן ליידיקן פעלד אומגעהייער־פלינק.

ויידמאַן איז נאָכגעלאָפן:

— סטאָי!

יענער איז געלאָפן ווייטער.

האָט דער נאָכיאָגער געצילעוועט און אויסגעשאָסן אין דעם מענטש. יענער איז אַוועקגעפאַלן.

ויידמאַן האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבן פאַרוואונדעטן. דער אויפגייענדיקער פרימאָרגן האָט שוין מער אַביסל העלע ליכט אויף דער ערד געשפּרייט. דער צוגעקומענער האָט דערזען ווי יענער איז אומגעפאַלן מיטן פּנים אַרויף, מיט צעשפּרייטע הענט ווי אינגאַנצן אין אוממאַכט, און אין זיין שווערן אָטעמען און כאָרכלען באַלד דערקענט דעם געפערלעך פאַרוואונדעטן. דער שינעל איז געווען אויפגעקנעפּלט, און דאָס העמד אויבן — אינ־

גאַנצן צעכראָסטעט. פון אַ ווונד עטוואָס אונטערן האַלז האָבן גאַנצע שטראָמען בלוט אויפגעקאָכט מיט שטילן געראויש, און זיך צעגאָסן אין די זייטן. דער קאָפּ איז געלעגן פאַרריסן אויף הינטן, אַ רגע זיך געדרייט, ווי אין אַ געראַנגל איבער די כּוחות, און—שטיל.

— טויט! — האָט זיידמאַן נאָכגעקוקט.

פּלוצלונג איז עפּעס אַ מאָדנער, מיסטעריעזער געפיל אין דעם שומר אונטערגעקומען. עפּעס האָט דאָס ליגן פונם קערפּער, די פּאָזע פון די הענט, דאָס לענגלעכע פּנים און דאָס גאַנצע אויסזען פון אויבן-אויף, מיטאַמאָל אַן אומפאַרשטענדלעכן צי געטאָן, מיט אַן אויסערגעוויינלעכער קראַפט און נייגעריקייט. האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט אויף די קני, און זיך אַראָפּגעבויגן מיט די אויגן צו יענעמס פּנים.

— וואָס איז דאָס! — — —

ער האָט אויפגעשריגן, און זיך, אַזש אַן אויפגעשוידער-טער, אַ הייב געטאָן אויף די פיס.

— וועמען זעט ער?! — — —

ער האָט נישט געוואָלט גלויבן זיינע אויגן. איז ער גע-שטאַנען אַ ווײַלע אַזוי אַ צעטומלטער, זיך ווידער אַראָפּגעלאָזט צו דר'ערד, און מיט ברייט-אויפגעריסענע, פאַרגאַפטע אויגן ווי-דער באַטראַכט דעם טויטן:

— דער פריערדיקער, בייזער ראָטע-קאָמאַנדיר...

# די האַנט

## א.

דער סאָלדאַט נחום בערגסאָן איז געלעגן אין שפּיטאָל אַ טאָג נאָך אַן אָפּעראַציע. מיטן קאָפּ, ווי פאַרכאַפּט צווישן רעדער פון אַ רוישיקן מאַשין, האָט ער זיך אַלץ געטומלט, ספּאַזמאַטיש זיך געקאָרטשעט און געדרייט אַהין-אַהער, געוואָלט אַרויסקריכן פון עפּעס שווערס, און נישט געקאָנט. דער קערפּער איז געלעגן אָנגעגאָסן מיט ברען און מידקייט, און דאָס מויל — אָפן.

מיטאַמאָל האָט זיך בערגסאָן אויפגעכאַפּט. ער האָט זיך אויפגעזעצט אין בעט מיט גרויסע אויגן, און זיך אַרומגעקוקט. אין קאָפּ איז געשטאַנען אַ שווערער נעפּל, און שפּאַרנדיק זיך צעפּאַלן אין געדיכטע קנוילן. האָט ער געוואָלט זיך אָן עפּעס דערמאָנען — האָט דער מוח יאָ עטוואָס צוגעצויגן, די געדאַנקען, אָבער, האָבן זיך נישט געקלעפּט. די אויגן זענען געווען ברייט-אויפגעשפּראָלט און היציק צערויטלט, געפינטלט, ווי שוין יאָרן דערוויטערט פון ליכט, און ס'איז נישט געווען גענוג כּוח צו טראַכטן.

מיטאַמאָל האָט בערגסאָן דערפילט אַ שרעקלעך-אומבאַקוועמלעכע ליידיקייט אונטערן רעכטן אַקסל. וואָס הייסט דאָס? וואָס איז דאָרטן! וואָס שמאַרצט דאָרטן, ברענט און טוט אַזוי גוואַלדיק וויי!... דאַכט זיך—עפּעס פעלט!... ער האָט דערפילט

מיט אַלע אברים, אַז אַמאָל איז דער קערפּער געווען אַן אַנ־דערער — גרעסער און פולער. האָט מען נישט עפּעס אָפּגעריסן פון אים? — — —

דער סאָלדאַט האָט זיך נערוועז געקנייטשט, נישט געקענט איינזיצן און זיך ערגערנדיק געמאַטערט דעם שוואַכן מוח: „וואָס פעלט מיר? וואָס פעלט מיר!" מיט ציטעריקע פינגער האָט ער גענומען ריטמיש אַרומטאַפּן זיינע אברים, נאָכגעגאַנגען מיטן שרעקנדיקן האַרץ, און זיך פּלוצלונג אַ הויב געטאָן מיט אַ געשריי:

— מיין האַנט!

אַ באַרמהאַרציקע שוועסטער איז פלינק אונטערגעלאָפן צו אים און אים אַוועקגעלייגט. דער קאָפּ אירער, שווער־אָנגעפילט מיט פּראַקטיק האָט זיך פון אינעווייניק וואָך אַ ריר געטאָן, גע־כאַפּט, אַז צו אַזוינע אומגליקלעכע חולאים דאַרף מען רעדן מיט גוטן, און אויפן פּנים האָט זיך צעלייגט אַ שמייכל:

ווייסט ער דען נישט, בערגסאָן, אַז ער איז שוין באַלד געזונט?... אַלצדינג איז דאָך שוין פאַראיבער... וואָס־זשע ליגט ער נישט רויִק? ער קען זיך אַזוי־אָ חלילה ערגער מאַכן!———

דער סאָלדאַט האָט געקוקט קעגן זיך, געזען די „שוועסטער" מיט אַ מיאוסן, חוזקדיקן פּנים, און די לינקע האַנט זיינע האָט ציטעריק אַרומגעוואַנדערט אין דער פּוסטער לופט — דאָס ליידי־קע אָרט אונטערן אַקסל. ווו־זשע איז זיין האַנט? אין האַרצן איז אויפגעגאַנגען אַ שנאה, געמישט מיט קלאָג און געבעט, און די אויגן האָבן געקוקט אַזוינע נעבעכדיקע און מיט היץ פאַר־גאָסן:

— דו, וואָס שטייסט נעבן מיר, האָסט אַוועקגערויבט מיין האַנט. מיינסט איך ווייס נישט? פאַרוואָס, די אַכזריותדיקע, פאַרוואָס?...

ווען די ווייסע פיגור איז אַוועק, האָט בערגסאָן איר נאָכ־געוואָרפן אַ פאַרדרוס־בליק, און אויפן שטערן זענען אַרויסגע־קומען עטלעכע גרויסע, קילע שווייס־טראָפּנס. נאָכדעם האָט ער אַ פאַרלוירענער געקוקט צו דער סטעליע און גאָרנישט געזען.

און אונטער דער נאַסער רוקן-הויט זענען געקראָכן שאַרפע שטעכל-קעס און געטריבן צום קאָפּ די היץ:

— וואָס טוט מען? ווי קריגט מען צוריק די האַנט?———

ב.

בערגסאָן האָט איבערגעלעבט אַ טאָג — קוים דעם אָטעם אָפּגעכאַפּט. די נערוון ווערן וואָס אַמאָל אָנגעשטרענגטער, צום פּלאַצן, און ליגן ליגט ער די ציין פאַרקריצט פון ווייטיק, מיט דער איינגעהאַלטנקייט פון פאַר אַ שטורם. ער טראַכט אַלץ נאָך: „אַז זיי, די ווייס-פאַרפּוצטע, האָבן זיין האַנט ערגיץ באַהאַלטן — דאָס ווייסט ער. אָבער — ווו?“... טאַפּט ער דאָס ליידיקע אָרט, און טראַכט וועגן עפּעס טאָן. דאַכט זיך אים עמי-צער פון זיי גייט, באַהאַלט ער דעם קאָפּ אונטער דער ווייסער דעק: „זאָלן זיי דערווייל גאָרנישט וויסן... ער איז נישטאָ דאָ“. דער קאָפּ האָר ווילד צעפּאַטלט, ווי ביי אַ לעצטן אַנטרונענעם פון פייער, רוקט ער אַלעמאָל אַרויס אַ שטיק קאָפּ, פאַרוואַרפט אַן אויג איבער דער דעק און קוקט: „אפשר עמיצער פון זיי, מ'וויל נאָך עפּעס טאָן?... טוט אַ שטאָך אונטערן אָפּשניט. קוקט ער זיך אום: „ווער רייסט אים אַזוי?“ וואַקסן אין אים די פאַרדרוסן. מוטשעט ער דאָס נאָך רויע אָרט. וואָס מער ער מאַטערט, מער ווייטיק. ערגערט ער זיך, ווערט אויפגערעגט אַז דער כעס ברויזט — און ער זעט די האַנט, פילט זי אַזש ער-גיץ דאָ אַרום... יאָ, באַלד וועט ער זי געפינען, זיין האַנט, זיכער! ווו-זשע האָבן זיי זי געקאָנט אַהינטאָן?...

פאַרוואַרפט בערגסאָן שטילערהייט די דעק, שאַרט זיך גנביש-פאָרזיכטיק אַראָפּ פון בעטל, און שפּירט נאָך דאָס שווע-סטער-קעמערל ביים עק צימער, ווי דער געפאַנגענער וואָס וויל אַנטלויפן, הינטער די פּלייצעס פונם באַלאָרענעם וועכטער. שטייענדיק אויפן דיל קערט ער איבער דאָס קישן, דרייט עס אויף אַלע זייטן און זוכט: טאַפּט אונטערן מאַטראַץ, קוקט אונ-טערן בעט, שלעפּט אַרויס דאָס דערבייאיקע טיש-קעסטעלע ווי-

דער און ווידער — און אַלץ אַזוי מיטן אָטעם פאַרשטיקט, אַזוי טיף-שטיל-איינגעהאַלטן — זאָל אַ שאָרך זיך נישט הערן! שווי-דערט דער גאַנצער מענטש, ווי אין אַגאָנישן ציטער, און די דאַרע, זוכנדיקע פינגער שפּרייטן זיך, בויגן זיך אַרום מיט שאַרפן פאַר-חוש:

— אָט-אָט טאַפּן זיי אָן דאָס ליב-באַקאַנטע...

ביינאַכט. דער שפּיטאָל רוט. ס'היילן זיך אין שלאָף די קראַנקע, און דערשטיקן אויף עטליכע נאַכט-שעהן די קלאָגערייען אין זיך. אַרום איז שטיל. די פינסטערניש האָט אַריינגעוואָרפן די שוואַכע מענטשן אין אַ טיפער פאַרטראַכטקייט, אין טרוימערייען און בענקענישן, און אויסגעשפּרייט אין יעדן ווינקל אַ גרויליקן פּחד. איז איידער די מענטשן שלאָפן איין, דערפילן זיי זיך עפּעס אַזוי קליין, קאָרטשען זיך איין און גיבן זיך איבער דער נאַכט. און האָט אינמיטן נאַכט איין קערפּער זיך עטוואָס אויפ-גערירט מיט קוים-צעעפנטע אויגן, און אַז פונם שכנס בעט האָט שטיל אַ וויי-קרעכץ אַרויסגעציטערט, האָט יענער באַלד דערפילט אויף זיך די בלייענע נאַכט, ווי אַ באַרג, און דער קאָפּ האָט זיך ווידער פאַרלוירן...

ביים אַריינגאַנג פון גרויסן צימער שטייט די אָפּטיילונג פון די שוועסטער, און קוקט מיט שוואַכער ליכט. בייטן זיי זיך, די שוועסטער. זעצט זיך די ניי-אָנגעקומענע אַוועק אין דער שפּעטער נאַכט-שעה איבער אַ הויפן צעשפּרייטע, פאַרשרי-בענע פּאַפּירלעך, און עס מאַכט זיך אַז זי דרעמלט איין אַ ווײַלע. צייטנווייז רייסט זי זיך אָפּ פונם טישל, הערט זיך איין דורך דער פאַרגליווערטער נאַכט-שטילקייט צו די קראַנקע, און צום האַרצן פאַלט צו, פון דער טרויעריקער פוסטקייט דאָרט, ווי אַ קלאַפּ פון אַ קליין אייזן-העמערל:

— טאַק!

און דער סאָלדאַט טאַפּט און זוכט. אַז זיין זוכן איז גע-ווען לאיבוד, האָט ער נאָך מער דערקאָנט די צו-להכעיס-שפּיל פון דעם הערשנדיקן שונא, און אָנגעהויבן אַרומשפּאַנען צווישן די בעטן. שטיל האָט ער געשפּאַנט — אויף די שפּיצן פינגער.

ביי יעדן בעטל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און ס׳איז צו אַ גע־דאַנק: „מסתמא, דאָ צוקאָפּנס״... איז ער צו צום קראַנקן מיט אַ גדולה, זיך גענומען אַרומפּאָרקען — און עפּעס אַ הוסט האָט אים דערשראָקן און אָפּגעטריבן.

אויף אַ בעטל, ביים צווייטן עק צימער, איז געלעגן אַ גוסס. אַרום אים האָט עמיצער אַרומגענומען אַ ברייטן, ווייסן פאַרהאַנג. בערגסאָן איז צוגעקומען אַהין נאָך זיין האַנט. ער איז געשטאַנען און געקוקט אויף דעם באַהאַלטענעם אָרט, ווי אויף פאַנטאַסטישע גן־עדן־טויערן אַזעלכע, געוואָלט דערגיין דאָס פאַרבאָרגענע פון יענער זייט, און ס׳האָט געררייצט עפּעס אַ נישט־גוטער: „פּרוּוו גיי אַריין, דאָ פאַרוואָרפן ערגיץ הינטערן ווייסן פאָרהאַנג איז מסתם באַהאַלטן דיין האַנט״... איז ער גע־שטאַנען מיט אַ שטורם אין זיך, נישט געפילט דעם ווייטיק ביי דער צעבלוטיקטער רויער וווּנד, און דאָס האַרץ האָט גע־ווייגט, און געבענקט נאָכן אייגנס וואָס פעלט.

— גיי אַריין! — האָט אונטערגעשטופּט אַ פאַרבאָרגע־נער כּוח.

דאָס האַרץ האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן. בערגסאָן איז אַריין אַ פאַרכאַפּטער אויף יענער זייט פאָרהאַנג. ער איז אַרונטער מיט ווייי און איינגעשפּאַרטקייט, און אָנגעהויבן קוקן אַרום בעטל. אין די ביינער האָט אַ מאַטערנדיקע היץ זיך געשפּאַרט, די אויגן זענען געשטאַנען רויט ביי די ברעגן, און אין מוח האָט זיך אַלץ געוויקלט, אַז די האַנט מוז ער ביי זיינע שעדיקער אַוועקגנבענען שטילערהייט. פּלוצלונג האָט ער זיך אָנגעשלאָגן אָן גוסס. האָט ער זיך אומגעקוקט, פאַרשטאַנען אַז דאָ האָט זיך צוגעלייגט איינער פון „זיי״, די ווייסע, און דערזען נעבן אים אויף דער דעק אַ פאַרוואָרפענע, אָפּגעדעקטע האַנט.

— איצט האָב איך דיך! — — —

און בערגסאָן האָט דעם גוסס אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט.

טיף אין אָפּשטאַרבנדיקן גוף האָט אַ ברעקל כּוח זיך אויפ־געריסט. דער קאָפּ האָט זיך אַ הויב געטאָן און צוריקגעפאַלן. דער סאָלדאַט האָט דערקאָנט די טייוולשע מאַכט, וואָס גרייט

זיך צו מלחמה. איז ער, צוהאַלטנדיק די האַנט, אַרויף אויפן בעט, נאָכגעפּאָרשט וואָס יענער וויל טאָן, און נאָכדעם מיט אַמאָל אַ שפּאַר-צו געטאָן דעם שעדיקער פּעסט צום געלעגער, און אַוועקגעלייגט אַ קני. איצט האָט ער אים אַריינגעקוקט אין פּנים. אַז יענער האָט פאַרמאַכט די אויגן, האָט ער דערפילט דעם אָנהויב פון זיין נצחון.

— זאָלסט מיר אָפּגעבן מיין האַנט, דו הערסט? זאָלסט אָפּגעבן, מזיק!

ער האָט זי אַ ציי געטאָן מיט זיכערקייט. די האַנט איז געבליבן, ווי צוגעבונדן. וואָס הייסט דאָס, אפשר, דער טייוול רייצט אים, טוט עס אויף חוזק... וואָס טוט מען איצט? — ניין, ער וועט די קליפּה גובר זיין! — האָט ער אָנגעהויבן דרייען און שלעפּן די האַנט אויף אַלע זייטן. דער אויבערשטער טייל קערפּער האָט זיך אַלע מאָל אויפגעהויבן, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויף צוריק און אַוועקגעפאַלן: די האַנט האָט זיך געבויגן, געבראָכן און זיך געצויגן, אָט צוגעפאַלן צו בערגסאָנען צום קאָפּ און אָט זיך געשליידערט אויף אַלע זייטן — און וואָס מער מאָל דאָס איז פאָרגעקומען, אַלץ אויפגעקאָכטער איז דער בעל-מום געוואָרן, צערייצט די חיה אין זיך, און אויגן האָבן געברענט מיט צאָרן:

— מיין האַנט!... מיין האַנט! — — —

פּלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ כאָרכל. דער גוסס האָט צעעפנט ווילדע, ברייטע אויגן, געקוקט פאַר זיך צעמישט און פאַרגאַפט, און פון די מויל-ווינקלען האָט אַ ווייסער שוים אַרויסגעזעצט. די בלוטן האָבן אויפגעקאָכט אין לעצטן לעבנס-קאַמף. איז איין האַנט אַראָפּגעפאַלן פונם בעט און געבליבן הענגען, ווי אַ דין, צעהוידעט קלעצל, דער קערפּער האָט זיך געדרייט אין פאַרווירטער אומרו, געקאָרטשעט ווי אַ שלאַנג, זיך געפּייניקט צווישן נעגל פון דער אַכזרישער טויט-מאַכט — און די צווייטע האַנט האָט געהאַלטן בערגסאָן.

שטייט ער אַזוי אין בעט, דער סאָלדאַט, אויף געבויגענע קני, און האַלט די האַנט ווי דאָס איינציקע זיינס, דאָס לעצט-

פאַרבליבענע אין לעבן, דאָס טייערסטע — ניין, ער וועט נישט אָבלאָזן! — — —

דער גוסס האָט זיך אַ לעצטן הויב געטאָן. ער האָט זיך איבערגעקייקלט, געפאַלן צו דער ערד — און מיטגעצויגן בערגסאָנען...

---

אַז די „שוועסטער” אין קעמערל האָט אין פאַרשלאָפענעם קאָפ אויפגעכאַפּט אַ שטאַרקן גערודער, האָט זי זיך אויפגעריסן און געלאָזט איבערן גרויסן צימער. געקומען צום פּלאַץ, איז זי געבליבן שטיין אַ דערשטוינטע:

צוויי זענען זיי געלעגן. און בערגסאָן האָט דעם טויטנס בלייכע האַנט געהאַלטן האַרט נעבן זיך, און אויפן פּנים האָט געלויכטן אַ צופרידענער שמייכל:

— כ׳האָב דיך...

# פאַרן לעבן

## א.

ער איז געזעסן אין דער קליינער טורמע-צעל, און געטראַכט וועגן זיין צוקונפט. ערשט מיט אַ פּאָר שעה פריער איז ער צוריקגעקומען פון אַ רומענישער מיליטערישער אויספאָרשונג. מ׳האָט אים דאָרט אַזוי גרויזאַם באַהאַנדלט, אַז ס׳האָט אים אינגאַנצן צעטרייסלט.

שוין די ערשטע פראַגע האָט אים אין אַ קלעם אַריינגעוואָרפן:

— קען ער אונז אפשר דערציילן, דער ווילער יונג, ווי קומט ער נאָך האַלבער נאַכט אין אַ באָלשעוויסטישער קאַנצעלאַריע, אין דעם בעסאַראַביער שטעטל וואָס מיר האָבן פאַרכאַפּט?

וואָס האָט ער געקענט ענטפערן? האָט ער בלויז געגעבן עפּעס אַ פוילן תירוץ:

— געקומען אין אַ פרעמד אָרט, און נישט געהאַט, וווּ איבערצונעכטיקן, איז ער אַוועק אין קאַנצעלאַריע.

— וואָס זאָגט ער? אין אַ פרעמד אָרט? און צו וועמען איז ער געקומען?

— האַ?... צו... עפּעס אַ באַקאַנטער פאַמיליע: נאָר ער איז געקומען שפּעט ביינאַכט, האָט ער זיי נישט געוואָלט וועקן.

— אזוי, אַזוי... נו, אָבער קיין באָלשעוויק איז ער נישט, אַ יאָ ניין?

— אַ באָלשעוויק גאָר? וואָס האָט ער געהאַט צו טאָן מיט באָלשעוויקעס?

דער אויספרעגער, אַ הויכער מיליטער-באַאַמטער, האָט קוים איינגעהאַלטן דעם כעס. ער האָט צעקרומט דאָס מויל אַ פאַרביטערטער, אויסגעשטעלט גרויסע, שאַרפע ציין ווי אין באַשולדיקטן זיך איינצובייסן, און צוגעגאַנגען נעענטער:

— נו, און וואָס זאָגט עפּעס, דער הינטישער זון, וועגן די רוסישע, אָפּיצערסקע קליידער, וואָס מ'האָט געפינען ביי זיין זייט, צוקאָפּנס אויף אַ בענקל?

— ביי גאָט, ס'איז נישט געווען מיין קליידונג.

— ש-שטיל!... אַ-זאַ נבלה! ביי גאָט שווערט ער נאָך!...

און דעם גאַנצן גרויסן צימער האָט פאַרהילכט אַ שווע-רער, קלינגענדיקער פּאַטש אין פּנים.

— ווי רופט מען אים, דעם פיינטעם מענטשן? נו, לאָז ער אויפהייבן דעם קאָפּ!...

— הערש... הערש מאַלאַווסקי...

דאָ האָט דער אויספרעגער אים אַ ווייל איבערגעלאָזט. ער איז צוגעגאַנגען צום גרויסן שרייב-טיש ביים פענסטער, זיך דאָרט אַביסל אַרומגעפּאָרקעט, און צוריקגעקומען מיט עפּעס פּאַ-פּירן אין דער האַנט.

— ער זעט? אָט דאָס זענען די דאָקומענטן וואָס מ'האָט געפינען אין זיין אָפּיצערסקע רעקל נעבן זיין געלעגער. אַנו, לאָם איך נאָר אַ קוק טאָן... יאָ, ריכטיק: הערש מאַלאַווסקי...

---

נאָכדעם איז אַוועק אַ שטיק צייט. כמעט יעדן טאָג האָט מען אים פונם טורמע-קעמערל געשלעפּט אין די קאַנצעלאַריעס. דאָרט איז ער אַ צעטומלטער געשטאַנען קעגן די פאַרשיידן-ראַנגיקע, אויפגעלייגטע אָפּיצערן וואָס האָבן זיך די גאַנצע צייט געוויצלט און געלאַכט, און דערווייל זיך נייגיריק צוגעהערט צו זייער חבר, וואָס האָט אויסגעפּאָרשט דעם אַרעסטאַנט:

— זאָל ער בעסער זאָגן דעם אמת! אַיאָ, זיי האָבן געוואָלט פאַרכאַפּן רומעניע? וואָס שווייגט ער, די מאַלפּישע צורה!... און די נעמען פון די חברים זיינע, די שאַרלאַטאַנעס, פונם באָלשעוויסטישן צענטראַל קאָמיטעט, האָט ער אונז נאָך אַלץ נישט געגעבן, האַ? ווער ער איצט זיי אונז געבן? ער פאַרשטייט דאָך, אַז אים אַליין וועט דערפון ווערן אַ סך לייכטער... נו, ער וועט געבן?... אָ, דער טייוול זאָל אים וויסן, וואָס שווייגט ער?!... נו, גוט. לאָז ער אונז כאָטש געבן די נעמען פון זיינע חברים פונם באָלשעוויסטישן קאָמיטעט אין קליינעם שטעטל—מער גאָרנישט. נו, ער איז מסכים? לאָז ער זיך בעסער באַרעכענען... פאַרוואָס זאָל ער זיין אַזוי איינגעשפּאַרט? אַ מענטש קען אַמאָל צוליב אַ נאַרישקייט פאַרשפּילן דאָס גאַנצע לעבן—און ער איז דאָך נאָך אַזוי יונג... נו?... וואָס שווייגט ער, שמוציקע בעסטיע!...

און ביי יעדן געשריי „וואָס שווייגט ער?", האָט ער גענומען מאַלאַווסקין שלאָגן־הרגענען.

און דער אַרעסטאַנט האָט זיך געדרייט אין אומגעהייערע ווייען, און די לעצטע צייט אָנגעהויבן נעמען נקמה פאַר זיינע מאַטערנישן: דער שונא איז געשפּרונגען פון דער הויט, און ער האָט אַלץ געשוויגן.

ביז ס'איז אין אַ טאָג אַריינגעקומען אין זיין קעמערל אַ מיליטערישער קאָמיסיע. זיי האָבן שטיל און פיין אים געשטעלט עטלעכע פראַגן און אים געבעטן ענטפערן. אָבער מאַלאַווסקי איז געבליבן איינגעשפּאַרט. האָבן זיי זיך באַלד שטאָלץ און רוישיק אַ קער געטאָן צום אַרויסגאַנג, בלויז איינער איז געבליבן פון הינטן, און אַ קלאַפּ געטאָן דעם אַרעסטאַנט איבער די פּלייצעס:

— פּי גאָטאָ!*)

אין זעלבן טאָג האָט מען אים אַרויסגעפירט פון זיין קאַמער, און ביים טורמע־הויף פאַרפּאַקט אין אַ וואָגן. אַביסל שפּעטער איז ער שוין געלעגן אין אַ לויפנדיקן צוג.

---

*) זיי גרייט.

## ב.

פאַרנדיק אין יאָגנדיקן וואַגאָן נישט וויסנדיק וווהין, האָט אין הערש מאַלאַווסקין פּלוצלונג אויפגעוואַכט אַ געוואַלדיק שטאַרקער חשק צום לעבן. אין תּפיסה פלעגט ער זיך אַלע מאָל איינקאָרטשען אַ פאַררוקטער אין אַ ווינקל, און ליגן אַזוי, אַ פאַרפאַלענער אויף טעג־לאַנג אין אַ שווערער, וויסטער מרה־שחורה. די לעצטע צייט פלעגט ער נישט איינמאָל, קומענדיק צוריק פון די שווערע מאַטערנישן ביי די פאַרהערן אין די קאַנצעלאַריעס, זיך געזעגענען מיטן טרויעריקן לעבן, און בעטן אויף זיך דעם טויט. איצט, זינט מ׳האָט אים דורכגעפירט דעם טורמע־הויף און ס׳האָט אַ מאַניע געטאָן דער רחבותדיקער, פרייער דרויסן: זינט די זון האָט אין איינע עטלעכע מינוט אַ גאָס געטאָן אויף אים מיט איר ליכט און וואַרימקייט, אים אינגאַנצן דורכגענומען און אָפּגעפרישט, און די ווייטע היים האָט זיך פּלוצלונג אַוועקגעשטעלט פאַר די אויגן אַזוי נאָענט, אַזוי העל און בולט — אָט דערגרייכט ער זי — זינט דעמאָלט האָט אין אים אויפגעציטערט אַ ברענענדיקע בענקשאַפט צו דער פרייהייט.

ער איז געלעגן אין פינסטערן וואַגאָן מיטן קאָפּ צו אַ ווינקל. דאָס העלע, לענגלעכע פּנים — אַרויף, דעם קאָפּ פאַרוואָרפן מיט ברייט צעשפּרייטע בלאָנדע האָר־פּאַטלעס, די הענט פאַרלייגט איבער דער ברוסט, און די אויגן — טויט גלאָז — איינגעגליווערט אין עפּעס אַ פינסטערן פּונקט אויבן. פון צייט צו צייט האָבן זיך בלויז עטוואָס אַ שויבער געטאָן די געדיכטע, בלאָנדע ברעמען: „וווּהין פירט מען?״ קיין שרעק האָט זיך אָן אים נישט דערקענט. ער איז נאָר געווען אויסערגעוויינלעך טיף פאַרטאָן אין זיין נאָכדענקען: „וואָס, אַ שטייגער, ווילן זיי מיט אים איצט טאָן? מוטשען אים, אָדער אויספאָרשן? האָבן זיי דען נאָך ווייניק געפאָרשט? און ווען ס׳איז פאַראַן אַזאַ קאָמיסיע, וואָלט זי דען נישט געקומען בעסער צו זיין טורמע, איידער אים אַרויסלאָזן אין וועג אַריין? און דאָרט האָט מען אים די ביז איצט ווייניק געבּרענטע לייד אָנגעטאָן? פאַרוואָס שיקן זיי

אים איצט אַוועק—אויסער דער שטאָט? אין טורמע איז שלעכט צו פייניקן די מענטשן?"...

ס'זעט אויס מ'פירט אים אומברענגען, — האָבן זיך די ברעמען אומרויִק אַ שויבער געטאָן, און דער מענטש האָט עט-וואָס אויפגעציטערט.

דער צוג איז געלאָפן אָן אָפּשטעל. אָבער לויט דעם אָריינ-געריסענעם רעש און טראַסקעריי פון וואַגאָנען און לאָקאָמאָטיוון צייטנווייז און לויט דעם ליכט וואָס איז עטלעכע מאָל שוין געפאַלן אויבן איבערן קליינעם וואַגאָן-פענסטערל, האָט הערשל פאַרשטאַנען, אַז מ'איז פאַרבייגעפאָרן עטלעכע סטאַנציעס. ווייזט אויס, מ'פירט אים אַוועק ווייט — אין אַ באַהאַלטן אָרט, אַפנים, וווּ ס'וועט זיין באַקוועמער אויסצופירן די שטראָף... איצט דער-מאָנט ער זיך טאַקע: דער אָפיציר, וואָס האָט אים אָנגעקלאַפּט אין פלייצע „פי גאטא!", האָט עס טאַקע אַרויסגעזאָגט אַזוי ערנסט און שרעקלעך, פונקט ווי צו אַ פאַרמשפטן צום טויט: „נו, זיי גרייט צום טויט!" און ער האָט דען גישט דערקענט דעם באַהאַלטענעם אמת אין דער צעטומלטקייט און דער ציטע-ריקער פאַרזיכטיקייט פונם וואַך, ווען מ'האָט אים אַריינגעפירט אין וואַגאָן? און וואָס אַנטלויפט מען מיט אים איצט אינמיטן נאַכט, ווי מיט אַ פינסטערן סוד?... יאָ, זיינע לעצטע שעהן זענען דאָס—באַלד וועט, זעט אויס, קומען דער סוף...

— ער וואָלט כאָטש וועלן וויסן וואָס מ'וועט אים טאָן...

אַ ווייענדיק געבעט איז אין דעם מענטשן אויפגעגאַנגען, און ער האָט זיך אויפגעהויבן. האָט גענומען אַרומשפּאַנען אויף דעם צעוויגטן, רודערנדיקן וואַגאָן-דיל. ער האָט זיך אַזוי אַרומ-געוואַקלט מיט די הויכע, דאַרע פיס אין דער פינסטער פון איין וואַנט צו דער צווייטער, און זיך געמאַטערט צו טרעפן וואָס מ'וועט טאָן מיט אים. די מורא האָט נישט אויפגעהערט אומרויִק צו קלאַפּן אין האַרצן: אָט-אָט בלייבט דער צוג שטיין. וואָס וועט זיין? ער האָט זיך אַרומגעדרייט אַהין-אַהער, זיך געריסן מיט צער אין בלאָנדן קאָפּ האָר, און דאָ אָנגעטאַפּט די

טיר, זיך אָנגעכאַפּט און איינגעגליווערט מיט די אויערן צו יע-נער זייט:

— אפשר וועט ער כאַפּן אַ רמז, און אָנדייטונג וווהין מ'פירט אים?

אַ לענגערע ווײַלע איז ער געשטאַנען אַזוי פאַרטאָן מיט אַלע אברים, מיט אַלע חושים אין דער וועלט פון יענער זייט. אַ שווערע, פיינלעכע אומרו האָט אים געמאַטערט. היימישע, באַליבטע בילדער האָבן זיך גענומען אויסוויקלען פאַר די אויגן, און איין בילד נאָכן צווייטן, אָן אויפהער. און ווי זיי האָבן עס דעם מענטשן צו זיך געצויגן! אַ לאַסטשנדיקע קראַפט האָט דאָ פאַר די אויגן מיט מעכטיקע כוחות געוועלטיקט, דעם מענטשן אינגאַנצן דורכגענומען, און צוגעזאָגט אַ היים און גליק און פרייהייט. און ער איז אַלץ געשטאַנען אַזוי-אָ ביי דער טיר אַ פאַרטראָגענער, און פאַרכאַפּט געווען פונם וווּנדערלעכן, דרויסנ-דיקן לעבן. ער האָט זיך אַלץ אַליין געגעבן עצות ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען, און אַלעמאָל זענען די עצות אים נישט גע-פעלן, און ער האָט זיי אָפּגעוואָרפן מיט פאַרדרוס, ווי געפער-לעכע נאַרישקייטן. וואָס טוט מען?... דאָ האָט ער שוין פֿדערווייל זיך געוואָלט נאָכגעבן: „נו, ער וועט נאָכדעם זען וואָס צו טאָן. אָבער פלוצלונג האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן, אַז ס'איז געפער-לעך: „ס'הייסט? נאָכדעם קען דאָך זיין צו שפּעט!"... צום סוף האָט ער זיך אַ ריס-אויף געטאָן פונם אָרט ווי פון אַ קאָשמאַר, געבליבן שטיין אינמיטן וואַגאָן אַן אויסגעגלייכטער, מיט אויפ-געהויבענע, אָנגעשטעלטע הענט און מיט צעפינקלטע אויגן, ווי גרייט אין אַ מלחמה אַריין, און מיט אַ מערקווירדיקן, פייערדיק-פעסטן עקשנות:

— אַנטלויפן! —

## ג.

פאַרטאָג.

די ערד איז נאָך געלעגן איינגעדרעמלט. ס'איז שטיל

געווען, ערב די מענטשנס אויפוואַך. אַ דינער, ווייט-צעשפּריי-טער נעפּל האָט זיך אין דער טונקעלער לופט אַרומגעפּלאָנטערט, און דאָ און דאָרט אין די הויכן האָט זיך שוין אָנגעהויבן ליי-טערן, שטיקלעך הימל האָבן זיך דורכגעזוען, און אין די אויפ-געריסענע נעפּל-לעכער האָט דורכגעשיינט העל-בלויע טאָג-ליכט. ס׳איז געווען נאָך אַ שטילער פרילינגס-נאַכט. צוויי טעג האָבן נישט אויפגעהערט דורכאַנאַנד צו כליאַפּען גוס-רעגנס—און ערשט די נאַכט איז מיט אַמאָל געוואָרן שטיל. איצט האָט זיך צוגע-רוקט דער נייער, קלאָרער טאָג מיט לייכטע, פּאַמעלעכדיקע טריט, ווי אַ חשובער אורח, און איבער ערד און בוים איז אַרומ-געלאָפן דער פרימאָרגן-ווינט, און צעפּייפט אין דער ווייטער וועלט אַריין:

— פּאַרטאָג.

דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט, און מ׳האָט אַרויסגעפירט מאַלאַוווסקין פון וואַגאָן. צוויי הויכע, ברייט-פּלייציקע סאָלדאַטן מיט געזונטע, בלוט-רויטע פּנימער זענען אַראָפּ פון דער זייט, פונם וואַגאָנס טאַרמאָז-אָפּטיילונג, און דער אַרעסטאַנט איז איצט געבליבן שטיין צווישן זיי. זיי זענען געשטאַנען מיט די ביקסן אויף די אַקסלען, מיט אויפגעשטעלטע שטיקעס, גרייט אין וועג אַריין, און ער, אַ צעטומלטער, האָט פּאָרזיכטיק און בליק-שנעל אַרומגעכאַפּט דעם געגנט: סאַמע ליידיקע ערד נאָענט אַרום. ווייטער אַביסל, קוים צו באַמערקן דורכן נעפּל, זעט זיך אַ נעץ פון ליניעס. פון אַ צווייטער זייט קוקט אַרויס אַ פּראַכט-סקלאַד— צי אפשר אַזאַ באַן-סטאַנציע? ווו-זשע געפינט ער זיך? אַפּנים, נישט ווייט ליגט די שטאָט. ביים לעצטן געדאַנק איז אים עפּעס פאַר די אויגן ליכטיקער געוואָרן. באַלד אָבער האָט אים אַ שאַר-פער ווײ-פּאַרדרוס אַ שנייד-דורך געטאָן: „פּאַרוואָס רייסט מען אים אָפּ פון דער וועלט? ער איז דאָך נאָך אַזוי יונג! ער וויל דאָך ערשט עפּעס אויפטאָן!...” ער האָט אָנגעוועקגעקוקט אין דער ווייט מיט טרוים און בענקעניש.

— שפּאַנען!

מ׳האָט גענומען גיין. די צוויי סאָלדאַטן האָבן אַראָפּגע-

לאָזט די ביקסן פון די אַקסלען, געלאָזט מאלאווסקין מאַכן אַ פּאָר טריט פאָרויס, און באַלד זיך געלאָזט נאָך אים, מיט די אויסגעשטעלטע ביקסן קעגן זיינע פּלייצעס. מ׳איז איבערגעגאַנגען אַ היפשן שטח פון פאַרפלאָנטערטע באַן-ליניעס, פאַרבייגע-שפּאַנט עטלעכע גרויסע געביידעס: געהילץ-סקלאַדן האָבן זיך דאָ און דאָרט געזען: עטלעכע גרויסע פויערשע הויפן מיט ני-דעריקע שטיבלעך און היפשע פּרוכט-גערטנער טיף אינעווייניק: און דער געפירטער האָט מיט זייטיקע בליקן באַמערקט יעדער זאַך, זיך איינגעגעסן אין אַלץ מיט די אויגן מיט אַ שמערצלע-כער בענקעניש, ווי צו קושן יעדער קלייניקייט.

מ׳איז אַרויס אויפן פעלד. באַלד איז פונם ברייטן סטעפּ אַנטקעגנגעלאָפן אַ ווינט, אָנגעטראָגן אַ געשמאַקן ריח פון באַ-טויעטע, פעטע גראָזן און פרימאָרגן-לופט, געפּאָכעט איבערן פּנים, און דער געפאַנגענער האָט דורשטיק געטרונקען די מחיה-דיקע זאַפטיקע פרישקייט פון דער ברייטער ערד, וואָס ער האָט שוין לאַנג נישט אָנגעקוקט. די קראַפט פונם אויפגייענדיקן פרילינג-טאָג, האָט אים אינגאַנצן דורכגענומען. די פרייקייט האָט געמאַניעט, ווי אַ מעכטיקער צויבער, און דער קערפּער האָט זיך נאָכגעצויגן נאָך די אויפגעפינקלטע, גלוסטיקע אויגן, אין דער גרויסער וועלט אַריין. ער האָט געשפּאַנט פאָרויס פאַרן וואָך מיט פעסטע טריט, דעם קאָפּ אויפגעריסן, און די אויגן, וואָס האָבן די גאַנצע צייט נייגיריק שפּיאָנירט די סביבה, זענען געוואָרן אַלץ אומרויִקער:

— זאָל ער אפשר שוין אָט-דאָ נישט-ווייט אַנטלויפן? וועט זיך אַ ריס-טאָן, אַריינשפּרונגען צווישן דיביימער, און אַנט-לויפן... יאָ, איצט, ווייל ס׳איז נאָך אַ ביסל טונקל...

אינם נעפּלדיקן אַרום האָט ווי געצויגן אַ באַהאַלטענע ריזן-מאַכט: „אַנטלויף, דאָ נישט ווייט איז אַ זיכער רעטונגס-פּלאַץ!" אָבער אַז ער האָט זיך שוין צוגעגרייט, האָט ער פּלוצ-לונג דערפילט, אַז די וואַך האָט צעעפנט קעגן די פּלייצעס גרויסע אויגן מיט חשד-בליקן, די אויפגעשפּיצטע ביקסן זענען

אויף אים אָנגעשטעלט גרייט צום שיסן—און ער האָט דאָס אַנט־לויפן אויף אַ ווײַלע אָפּגעלייגט:

— לאָז זיין אַ ביסל ווייטער... דאָרט־אָ, ווו דער וועג פאַרדרייט זיך ווערט, דאַכט זיך, זיין באַקוועמער... און ער האָט דאָך נאָך צייט: מ׳זעט נאָך נישט קיין ישוב...

— יאָ, מ׳דאַרף עס דורכפירן פאָרזיכטיק...

הויך אין דער לופט איז שוין געוואָרן היבש ליכטיק. דער נעפּל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט נידעריקער, זיך אַרומגעצויגט אין ווינט אַ דורכזיכטיקער און צעריסענער, און זיך ביסלעכווייז צע־קראָכן.

פאַר מאַלאַווסקיס אויגן האָט זיך אויפגעדעקט דער דניעסטר.

— צום וואַסער!—האָט דאָס האַרץ זיך אימפּעטיק אַ הויב געטאָן.

מ׳האָט דאָך אָבער נאָך געשפּאַנט ווייט פון דניעסטער, ווי אַזוי־זשע האָט דער מענטש געוווסט, אַז מ׳פירט אים צום וואַסער—באַלד דערפילט אַפילו מיטן גאַנצן לייב, אַז אַהין גייט מען מיט אים?... ווען די אויגן האָבן נאָר דערזען די בלויע, שימערירנדיקע וואַסער־דעק, איז אים באַלד קלאָר געוואָרן:

— יאָ, אַהין...

ווייל, ערשט נישט לאַנג, אַז מ׳פלעגט אַלעמאָל אים שלעפּן אויף די בייזע אויספאָרשונגען אין די תפיסה־קאַנצעלאַריעס, פלעגט ער אומעטום דערקענען אַ מאָדנע צעטראָגנקייט. פון די פאַרדרייטע קאָרידאָרן און ווי מ׳פלעגט אים פירנדיק זיך דאָרט דרייען מיט אים: פון די טונקעלע, פאַרצאָרנטע אָבער איבער־געשראָקענע רומענישע פנימער און פון די צעטראָגענע בליקן זייערע, ווען מ׳האָט אַ פּאָר מאָל, בשעת די אויספאָרשונגען, פּלוצלונג דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר: פונם אָפּעסן זיך דאָס האַרץ מיט ביטערע פאַרדרוסן בעתן בייזערן זיך אויף אים — פון אַלץ האָט בולט אַרויסגעקוקט טרויעריקע מאַכטלאָזיקייט, אומרו און אומזיכערקייט. און אַז ער האָט אויף זייערע פראַגן גאָרנישט געענטפערט—אָ, ווי מ׳האָט זיך עס יעדעס מאָל אַ לאָז געטאָן אַזוי חיהש־ווילד, פול מיט גיפטיקן האַס, אַט ברענגען

זיי אים—און פונדעסטוועגן האָט זיך אין יעדן ריר זייערן דער־קענט אַ מאָדנע וואַקלעניש: אַזוי שטיל־איינגעהאַלטן זענען זיי, די רומענישע באַאַממע, געוואָרן נאָך יעדן קלאַפּ, און עפּעס אַזוי אומגעלומפּערט־צעטראָגן האָבן זיי זיך דעמאָלט אומגעקוקט אויף אַלע זייטן דערשראָקענע פֿאַר זיך אַליין, ווי אַ בייזע מאַכט וואָלט זיך דאָ אונטערגעקוקט, און געדראָט מיט גרויזאַמער נקמה: „הע—י, וואָס מוטשעט איר אַזוי!... געדענקט וואָס איר טוט — מ׳זעט!...״ און פֿאַרוואָס האָבן זיי ביז איצט נישט געמאַכט קיין סוף? אַזוי לאַנג אויסגעפּרעגט, געפּינען שולדיק, געמאַטערט מיט דער ערגסטער אַכזריות—און אַלץ מורא געהאַט צו פֿאַרענדיקן. איצט פֿירן זיי אים צום וואַסער. ס׳איז קלאָר: אפשר וועט די וועלט עפּעס נאָכדעם אויפדעקן — איז דאָס בעסטע: אין וואַסער אַריין!... און דאָ האָט מען נאָך הנאה אי פֿונם חוזק, אי פֿון דער ווילדער נקמה, און—ס׳בלייבט אַ סוד.

מ׳איז צוגעקומען צום דניעסטער.

מאַלאַווסקי איז דאָך צום ברעג צוגעקומען אַ טרויעריק פֿאַרטראַכטער, אַזוי ווי אָפּגעלאָזן—און פּלוצלונג האָט אים דאָ אַ מעכטיקער רעוואָלט אינגאַנצן אַ נעם־דורך געטאָן:

— וועט זיך נישט לאָזן! — — —

די וואַך איז שוין געווען פֿאַרזאָרגט: אין וואַסער איז געשטאַנען אַ שיפֿל, מיט אַ קייט צום ברעג צוגעטשעפּעט: אינמיטן שיפֿל—אַ נידעריק, קיילעכיק קלעצל, אַן עקסטרע צוגע־גרייטער זיץ, אַפּנים, און אין אַן עק פֿון שיפֿל איז געלעגן אַ בינטל דינע, שטייפֿע שטריק.

דער געפֿירטער איז אַריין פֿאָרויס.

„זיץ!—האָט דער יונגערער סאָלדאַט אָנגעוויזן אויפֿן ני־דעריקן קלעצל אינמיטן. — מיר דאַרפֿן דיך ערגעץ צופֿירן, דאָ נישט ווייט...״ ער האָט פֿאַרזיכטיק אַוועקגעלייגט די ביקס ביי זיין זייט, און זיך אַראָפּגעזעצט פּונקט קעגן מאַלאַווסקין. האָט אָנגענומען די וועסלעס און דאָס שיפֿל האָט געריררט.

דער געפֿאַנגענער איז געזעסן אַ צעקאָכטער. ער האָט אָבער בלויז נערוועז זיך געקלעמט די ליפּן: ווייטער איז ער

געזעסן אָן דער מינדעסטער באַוועגונג, און נאָר געוואָרפן גנבי־שע בליקן, דאָ אויפן אַנטקייגנדיקן און דאָ איבערן וואַסער. דער אַנטקייגנדיקער האָט געטריבן די לאָדקע, און די גאַנצע צייט אָנגעשטרענגט אויף אים געקוקט און געהיט זיין יעדער מינע. דער צווייטער, הינטער מאַלאַווסקיס פּלייצעס, איז געשטאַנען אַזאַ פעסטער, אַ מונטערער, אויפגעוואַכט מיט אַלע כוחות, ווי גרייט צו מלחמה צו יעדער מינוט. פון די אָנגעלאָפענע וואַסערן פון די שווערע גוס-רעגנס אין די לעצטע פּאָר טעג האָט דער דניעסטער זיך איבערגעפילט, זיך אויפגעהויבן העכער, געטראָגן געדיכטע שטיקער שוים און זיך צעקאָכט מיט אומרויִקע כוואַליעס. דער שטייענדיקער סאָלדאַט אין שיפל האָט זיך אַרומגעוויקט, נאָכגע־שאָקלט, אַלעמאָל זיך הויך אַ הויב געטאָן אויף אַ כוואַליע און זיך באַלד אינגאַנצן צעטרייסלט. צום סוף אָבער, איז ער יעדן מאָל ווידער געבליבן שטיין אַ הויכער, אַן אויסגעגלייכטער, איינהאַלטנדיק דאָס גלייכגעוויכט שטייף און פעסט, ווי אַן איינ־געהאַמערטער פיגור אַזאַ, און מיט די אויגן איינגעגראָבן אין מאַלאַווסקיס פּלייצעס.

דאָס שיפל איז שוין אַרויס אַ היפּשע שטרעקע איבערן דניעסטער. ס'זענען איבער אַ פינף מינוט אין שטילקייט.

דאָ האָט דער יונגער סאָלדאַט עפּעס אַ פאַרדעכטיקן ברום געטאָן. מאַלאַווסקי האָט די גאַנצע צייט אים אַזוי שאַרף און דורכדרינגלעך נאָכגעשפּירט, אַז ער האָט דאָ באַלד דערפילט די ערנסטקייט: „יאָ, עפּעס גרייט ער זיך, דאַכט זיך... זע נאָר ווי דאָס פּנים איז אים מיטאַמאָל געוואָרן אַזוי מוראדיק אָנגעשטרענגט, און טויט-בלייך!... ער האָט פאָרזיכטיק עטוואָס אַ דריי געטאָן דעם קאָפּ, און אַן אויפגעציטערטער נאָכגעקוקט פון אַ זייט אויף צוריק, ווי אַ פאַרביטערטער בלוט-שונא וואָלט הינטערן רוקן גע־לויערט. יענער פון הינטן האָט זיך איצט שטילערהייט געפּאָר־קעט אָן אַ זייט ביי די שטריק. דער געפאַנגענער האָט זיך גע־וואַלדיק אויפגערעגט. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז נאָך פריער ביים אַריינגיין אין שיפל, האָבן די שטריק וואָס ער האָט פּלוצלונג דערזען, פאַרשטאַרקט זיין פאַרדאַכט, אַז מ'וויל אים דאָ אין וואַ,

סער אומבערעכנגען. — און דער רעוואלט-אומרו האָט זיך אין אים פאַרגרעסערט, און ווילדער געוואָרן מיט יעדער מינוט. ער האָט זיך קוים קאָנטראָלירט, אַז ער זאָל זיך נישט אויפהויבן. ס׳האָט אים שמערצלעך אויפגערעגט: „וואָס זיצט ער אַזוי? וואָס שווייגט ער? זיי וועלן באַלד אים בינדן — און ער וואַרט נאָך?...״ ער האָט זיך שוין קוים איינגעהאַלטן.

דער פון הינטן האָט אויפגעפלאָנטערט די שטריק, אַביסל צעוואָרפן, און אָננעמענדיק אַן עק, זיך אויפגעהויבן.

איצט! — האָט עס דעם אַרעסטירטן אַ הויב געטאָן. ער האָט זיך האַסטיק אַ שטעל-אויף געטאָן, און מיטן אימפּעטיק-אונטערגעקומענעם בייזן שטורם אין זיך, אין איין רגע אי מיט אַ פוס אַ שליידער-אַריין געטאָן די ליגנדיקע ביקס אין וואַסער אַריין, אי דעם יונגען סאָלדאַט אַ ווילדן הויב געטאָן פונם פלאַץ, אַ דריי מיט אַלע כּוחות, און איידער-עפּעס אים אַראָפּגעשטופּט פונם שיפל. יענער האָט זיך באַלד באַוויזן פון אויבן אויפן וואַסער, זיך אומבאַהאָלפן גע-ראַנגלט מיט די אויפגעלאָפענע, צעשוימטע וואַסערן, און געוואָלט צוקומען צום שיפל: און דאָס שיפל האָט זיך אַרומגעטראָגן גאָר אָן אַ ציל, אָן אַ באַשטימטער ריכטונג—הפקר. איצט האָט זיך די מלחמה אָנגעהויבן צווישן די צוויי איבערגעבליבענע פון אי-נעווייניק. דער עלטערער סאָלדאַט ביי די שטריק האָט געזען וואָס ס׳האָט געטראָפן, און זיך אינגאַנצן אויפגעטרייסלט: „וואָס איז דאָס? וואָס האָט דאָ דער טייוול אָפּגעטאָן?!״ ער האָט נאָר אַן אויגנבליק נאָכגעקוקט ווי דער חבר זיינער איז אַריין אין וואַ-סער, און באַלד אַראָפּגעכאַפּט פונם אַקסל די ביקס, גרייט צו שעדיקן, אָבער מאַלאָווסקי איז שוין געשטאַנען נעבן אים. ער האָט מאָמענטאַל אָנגעכאַפּט די ביקס, און אַ שלעפּ געטאָן צו זיך די גראָבע זייט. צוויי פיינדלעכע, בעסטיאַליש-אויפגערייצטע כּוחות האָבן זיך באַגעגנט. ס׳האָט זיך צעפלאַמט אַ מלחמה. ווי טויט-הונגעריקע חיות ביי אַ מאָלצייט, האָבן די צוויי אין פאַרבי-טערטן קאַמף זיך אַוועקגעשטעלט: „איך וועל זיגן! דו וועסט באַלד אָפּלאָזן, דו טייוול!...״ און יעדער איינער האָט זיך אָנ-

געלאָדן פול מיט קראַפט און שטורם, און געווען זיכער אין זיין זיג.

איצט האָבן געקעמפט צוויי גלייכע, מיט די זעלבע כלי-זין. די סכנה איז געווען גרויס: טויט: איין אויגנבליק זיך נאָכ-געבן — און מ׳איז פאַרלוירן. רייסט מאלאווסקי די ביקס צו זיך מיט אַ צעווילדעוועטן צאָרן, און קען זי נישט אַרויסרייסן. ווערט שוין דער כעס און די מורא אומגעהייער. דרייט ער די ביקס רעכטס און לינקס, שלאָגט מיט איר אַ צעקאָכטער און צערייצטער דעם הויכן, מיטל-יע־ריקן סאָלדאַט אין בויך אַריין, האַלט-צו די הילצערנע, גראָבע זייט פאַרקלאַמערט אייזן-פעסט, און דערפילנדיק איין רגע גאַנץ זיכער, טוט ער שנעל אַ וואָרף אַריבער אַ האַנט נעענטער צום שונאס זייט, און שטופּט אים מיט דער אייזן-רער אין וואַסער אַריין. און — מאָדנע! אַזאַ פיינ-לעכער געראַנגעל! — און מאלאווסקי באַמערקט גאָרנישט, אַז ער דאַרף דאָ נאָר אַ דריק-טאָן נעבן זיך דאָס ביקס-צונגל, און אויס שונא.

און דער סאָלדאַט אַנטקייגן איז פאַרהאַרטעוועט, ווי אַ צערייצטע רו־ב-חיה. ער איז אַזוי שטאַרק צעטומלט, פון דעם פלוצלונגדיקן שרעקלעכן איבערפאַל אויף אים און אויף זיין חבר, אַז ס׳איז אים אַזש פינסטער פאַר די אויגן, און אַלץ דרייט זיך אַרום אים: און דאָ נאָך, צום אומגליק, שטייט ער אויף אַ שמאָל אָרט, כמעט ביים עק פונם שיפל. אָבער ער קעמפט פאַר-ביסן. מיט אויגן צעפלאַמט — געלער, אויפגעצונדענער שוועבל — און מיט אַ בלוטיק-צערויטלט פנים פול מיט בלויע אָדערן-פאַסן, רייסט ער די ביקס צו זיך, פילט זיין לעבן איז אויף אַ האָר, און טוט זיך אַלעמאָל אַ וואָרף אויף דעם צעבונטעוועטן אַרעסטאַנטס הענט מיט גרויסע, ווייס-אויסגעשטשירעטע ציינער און מיט אַלאַ-מירנדיקע געוואַלדן: „הע-י! מע-נטשן!... לאָז ער אָפלאָזן די ביקס, זאָגט מען אים! ער וועט אים גאָרנישט טאָן — זאָל ער אָפלאָזן!...״ ער בויגט זיך, וואַרפט זיך אַרום, אָט לאָזט ער אַפילו אָפּ אַ האַנט, און טוט פאָרזיכטיק אַ לאָז-נאָך די ביקס אַז יענער זאָל אומפאַלן — און ס׳העלפט נישט: יענער האַלט זיך

אייזן-פעסט, און שלאָגט זיך אַרום אַרום דער ביקס, מיט די בלאָנדע האָר-פּאַטלעס ווילד צעפלאָסן, מיט פייערדיקער עקשנות. אָט בלייבן זיי אַפילו פּלוצלונג שטיל אַ מינוט, קוקן זיך אָן איינער דעם צווייטן מיט גיפטיקער שנאה, און מ׳נעמט זיך קריגן: שרייט דעם מענטשנס שרעק און בלוט-דורשט איבער הימל, ערד און וואַסער:

דער סאָלדאַט: פּאָלגט מיך, שטעל זיך נישט אַנטקייגן. דו לאָזסט אָפּ?

דער אַרעסטאַנט: ווילסט מיך איבערשרעקן?

— כ׳זאָג דיר, לאָז אָפּ. ס׳וועט דיר באַלד באַנג טאָן.

— שרעק זיך נישט, דו בעסטיע. זאָג בעסער, וואָס האָט מען דיר געהייסן טאָן מיט מיר.

— דיך... אַריבערשטעלן אויף יענער זייט... ווייסטו שוין? לאָז אָפּ!

— וואַרף זיך נישט... שטיי גלייך... זאָג, פאַר וועמען זענען די שטריק?

— האַ? די שטריק? אָ, וואָס פרעגסטו מיך אַזוי פיל אויס, ווילדער מענטש!

— נאָכאַמאָל וואַרפסטו זיך? ליגסט באַלד אין וואַסער! און ער האָט אים אַ שטופּ געטאָן.

— אָט-אָט... אָ, דו טייוול!...

די דניעסטער-כוואַליעס האָבן זיך געהויבן, געיאָגט און איבערגעלאָפן איינע די צווייטע, און דאָס שיפל האָט זיך אַ הפקרדיק-פאַרלאָזטס געטראָגן אויף די אויפגעשוימטע וואַסערן. אַפנים, אַז די כליאַפּנדיקע רעגנס פון די לעצטע טעג זענען געווען שווערע און פאַרפלייצנדיקע. ווייל כאָטש דער ווינט אויפן וואַסער איז נישט געווען אַזאַ גרויסער און רוישיקער, זענען כוואַליעס אָבער אָנגעקומען פון די ווייטן היבש אויפגעלאָפענע, מיט גלאַנציקן, אויפגעקאָכטן שוים, און זיך געטריבן האַסטיק, רוישיק און אומרויִק, ווי געיאָגט פון צעלאָזענע ווינטן. די לאָדקע האָט זיך געהויבן און אַרומגעוואָרפן. און די צוויי איינע-

וויניק האָבן זיך פאַרביטערט געראַנגלט, און יעדער מינוט שיער נישט איבערגעקערט.

איצט האָבן זיי זיך ווידער גענומען ראַנגלען—אַפּנים, אין לעצטן קאַמף. דער עקשנות האָט זיך מוראדיק צעבּרענט: „ס׳איז די לעצטע מינוט—כ׳מוז מיין שונא בּייקומען!...” האָט מען פאַר־געסן אויף וואָס פאַר אַ וועלט מ׳איז: מ׳האָט נישט געפילט דאָס סכנותדיקע הויבּן־זיך און דרייען־זיך פון דער פאַר־הפקרטער לאָדקע: נישט געהיט זיך מיטן אייגענעם וואַקלען־זיך און אַרומוואַרפן־זיך — אָט־אָט איז דאָס שיפל איבּערגעקערט — און אַפילו די צעהאַקטע, פרישע, בּלוטיקע ווונדן פון דער קלאַפּנדיקער בּיקס אויפן קערפּער און אויפן פּנים, האָבן אויך נישט אָנגעהויבּן װאָרן. זיג און—לעבּן! — האָבּן די מידע לייבּער נישט אויפגעהערט פּיינלעך צו וויינען און געוואַלדעווען. איז מען געווען טויט־מיד און זיך געריסן איבּער דער בּיקס מיט אַזאַ וואַנזיניקן נייגיר, ווי דער חולה אויפן טויטן־בּעט, איבּער אַ זעלטן־טייערער רפואה. בּיידע האָבן געסאָפּעט הויך אויפן קול, אָפּגעגאָסענע מיט שווייס. פּלוצלונג האָט דער סאָלדאַט מיט־אַמאָל אַ צי געטאָן די בּיקס מיט אַזאַ מעכטיקן כּוח, אַז מאַ־לאַווסקי איז אומגעפאַלן אויף די קני, זיך גענומען נאָכשלעפּן מיט אַ געשריי, און איין האַנט האָט די בּיקס אָפּגעלאָזט. בּאַלד האָט דער סאָלדאַט זיך איבּערגעבּויגן צו דער צווייטער זייט בּיקס, און פלינק און צערודערט געזוכט דאָס צינגל.

און דאָ—וויפיל אַן אויגנבּליק האָט עס געדויערט—אַ רגע אַזאַ, וואָס דער מענטש קען גאָרנישט אויפכאַפּן: מאַלאַווסקי האָט זיך הויך אַ הויבּ־אויף געטאָן, און ס׳האָט ווי אויפגעבּרויזט אַ צערייצטער טיגער. אַ צי—און די בּיקס איז שוין אינגאַנצן גע־ווען אין זיינע הענט. און דאָ האָט ער מיטן זעלבּן צעטראָגענעם אימפּעט גלייך אַ זעץ געטאָן דעם אַנטקייגנדיקן אין בּרוסט מיט אַזאַ כּוח, אַז יענער האָט אַ פאַל געטאָן הינטערווײַלעכטס, זיך אָנגעכאַפּט אָן בּיידע זייטן לאָדקע, ווילד־צעשראָקן זיך גענומען דרייען און וואַרפן—און דאָס שיפל האָט זיך איבּערגעקערט...

מאלאווסקי איז אראפּ אין וואַסער. ער האָט מיטן האַמעטנעם לייב און שווערע, מיט-דער-מינוט דורכגעווייקטע קליידער, זיך אויפגעהויבן איבערן וואַסער א טויט-מידער, א דערשעפּטער—און פונדעסטוועגן האָבן עפּעס מאָדנע געפילן פון דער טיף מיט אַן אומפאַרשטענדלעכן כוח אַ שלאָג געטאָן אין אים. אַזוי פריי און גליקלעך איז דער מענטש איצט מיטאַמאָל געוואָרן! מיט אַזאַ זעלטענער פרייד און האָפענונג! ער האָט זיך ארומגעקוקט: האָט דערקענט דעם רומענישן ברעג, עפּעס אויפגעשווידערט, און, זיך ראַנגלענדיק מיטן וואַסער, זיך אַוועקגעלאָזט צו דער צווייטער זייט אַנטקייגן. נישט ווייט האָט ער באַמערקט דעם ערשט פריער אַרויסגעפאַלענעם סאָלדאַט פון דער לאָדקע, ווי ער וואַרפט אומבאַהאָלפן מיטן קאָפּ, דרייט און פּאַטשט מיט די הענט, ווי מיט אויפגעשפּיצטע פליגל, איבער די אויפגעלאָפענע כוואַליעס, און קעמפט מיט זיי אַזוי רחמנותדיק. „פון אים בין איך פּטור... ער זעט מיך אַפילו נישט", — האָט מאלאווסקי אַ טראַכט געטאָן מיט הנאה. ער האָט געקוקט צום ברעג.

איצט האָט דער קאַמף זיך אָנגעהויבן צווישן מענטש און וואַסער. ס'איז נישט געווען קיין גלאַטער וועג דאָ. פון ווייטן האָבן זיך אויף די צעקאָכטע, שוימיקע כוואַליעס געטראָגן אומגעלומפּערטע, שוואַרצע פלעקן פון שטיקער האָלץ, ברעטער, און בוימער מיט צעשפּרייטע, הויך-אויפגעהויבענע טויטע צווייגן, ווי עפּעס אַ מאַסע פאַרשטאַרצטע פיס פון פגרים, וואָס די פאַרפלייצנדיקע דניעסטער-שטראָמען האָבן פון די פעלד-ברעגן אָפּגעריסן. זיי האָבן זיך געטראָגן, אָט די אויפגעבערגלטע, אויסטערלישע שטיקער, פון ווייטן, קעגן מענטשנס צערודערטע אויגן, ווי בייזע מאָנסטעריעזע שרעק-בילדער, און געשווומען לייכט און גלייך קעגן מענטשן, ווי אָפּגעלאָזט ערגעץ אומישנע פון אַ קאַלטבלוטיקער, אַכזריותדיקער האַנט. אַזאַ בייזער צו-להכעיס! ביטערע שטערונגען זענען דאָס געווען — און מאלאווסקי האָט די אָנשיקענישן געמוזט אויסמיידן. ער האָט אַלעמאָל געדאַרפט בלייבן שטיין אויף איין אָרט, איבערוואַרטן ביז די אָנגעשווומענע זאַכן

װעלן פאַרבײַ, און דערװײַל מיטן לעצטן ביסל איבערגעבליבענע כּוחות, זיך ראַנגלען מיט דער טיפּעניש צװישן לעבן און טויט: אָדער צײַטנװײַז זיך מיטאַמאָל אַ ריס-טאָן צעטומלט און טראַגיש-שנעל, אַז די אָנגעטראָגענע זאַכן זאָלן אויסקומען הינטער אים, און דערװײַל געשװידערט פון יסורים, אַז ער זאָל זיך נישט דאַרפן פון צופיל אָנשטרענגונג און מידקייט אָט-אָט זיך אָפּלאָזן אין װאַסער אַרײַן. אַ ביטערע קלאָג האָט דער מענטש איצט אויפן הויכן קול אויפגעהויבן. די אומבאַגרײַפלעכע רעזערװ-כּוחות האָבן זיך קרענקלעך-פאַרביטערט געאַמפּערט מיט די אויפגעבערגלטע, טראָגנדיקע כװאַליעס, און דאָס לײַב האָט נישט אויפגעהערט זיך צו אַמפּערן, און שרײַען מיט געבעט און עקשנות: „אָ, דאָס לעבן איז אין סכּנה... דאָס לעבן! מ׳דאַרף ראַטעװען דאָס לעבן!...“ דער קערפּער האָט זיך געװאָרפן אויף אַלע זײַטן װילד-אײַנגעשפּאַרט, זיך נישט אָפּגעלאָזט אויף אַ רגע, און מיט ברענענדיקן דורשט געזוכט מיט די אויגן דעם ברעג. אָט האָבן זיך די הענט אַ װײַלע אַביסל נאָכגעלאָזט: האָבן זיך גענומען װאַרפן די פיס, געגראָבן זיך און געקנאָטן די געדיכטע טיפן, אַז דער קערפּער זאָל זיך האַלטן פון אויבן. און דאָ האָבן זיך די הענט װידער אַ הויב געטאָן — און װײַטער. עטלעכע מאָל האָט ער זיך אַרומגעקוקט, אַװעקגעלייגט אויפן רוקן, אַ מינוט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, און זיך צוריק איבערגעדרייט. ער האָט זיך געצוקט אַלץ נעענטער.

— אָ, דער ברעג איז שוין נישט װײַט...

ער איז געװען אינגאַנצן פאַרמאַטערט און צעבראָכן. די שװאַכע, אײַנגעקרעמפּטע הענט האָבן שוין קוים געפּאַטשט די װאַסער. די אבֿרים האָבן זיך אײַנגעקאָרטשעט, געבראָכן, און זיך אָפּגעלאָזט: בלויז דער קאָפּ האָט זיך װילד אַרומגעװאָרפן, װי אין אומדערטרעגלעכע אַגאָניע-װייען, און רחמנותדיק געקעמפט פאַרן לעבן.

און דאָ פּלוצלונג — באָדן! מאַלאװסקי האָט דערפילט אונטער די פיס דעם יסוד.

— ערד!

ער האָט זיך קוים צוגעשלעפּט צום ברעג — און אָוועקגע-פאַלן. איז געבליבן ליגן אַן אויסגעשטרעקטער, מיט צעשפּרייטע הענט, און מיטן פּנים אַרויף. די ערד אויפן ברעג איז געווען פלאַך פאַרגאָסן, און ער איז געלעגן האַלב אין וואַסער. די זון האָט נאָר־וואָס העל אַ פלייץ געטאָן איבער דער וועלט מיט אירע ערשטע מאָרגן־שטראַלן. דער פאַרמאַטערטער גוף אין וואַ-סער, מיט די צעפאָרענע, פּיטש־נאַסע קליידער, איז געלעגן צע-שפּרייט ווי עפּעס אַ שווערע משונהדיקער פיש, וואָס איז דאָ אַרויסגעקראָכן און געבליבן ליגן, און די זון האָט זיך מיט אים געשפּילט, באַלויכטן דאָס נאַסע טויט-בלייכע פּנים, ווי מיט חוזק. ער האָט קוים געאָטעמט.

דער געראַטעוועטער האָט שוין אָבער געהאַט רו. ער האָט גענומען אין זיין פאַרמאַטערטקייט ביסלעכווייז אויפקומען. אין האַרצן האָט אַ געזאַנג אויפגעלעבט: זיך געראַטעוועט. ליגנדיק אין נעץ און אין בלאָטע אַן אוממעכטיקער, האָט ער שוין טיף אין זיך אָנגעהויבן טראַכטן וועגן זיין ווייטערדיקן לעבן. דאָס פּנים האָט זיך ליכטיק צעשמייכלט. קוואַלן פון פרייד און האָפע-נונג האָבן אין אים אויפגעשלאָגן. ס׳האָט דער מיסטעריעזער, באַהאַלטענער מענטשן־כּוח, די גרויסע, הייליקע נשמה-קראַפט, וואָס ציט זיך אַזוי אייביק און אַזוי מעכטיק צו די פרייע, רחבות-דיקע הויכן און ווייטן, איצט צו אַלע עקן וועלט אַ שירה פול מיט שבחים אויפגעזונגען —

— פאָרן לעבן...

# פייגל

די שלאַכט איז אָנגעגאַנגען אַ צען-צוועלף וויאָרסט הינ-טערן שטעטל.

שוין עטלעכע וואָכן אַז ס׳ציען זיך די לאַנגע, אומענדלע-כע רייען פאַרשטויבטע פיס-סאָלדאַטן, און קאַוואַלעריע אויף צע-טומלטע פערד. די מלחמה איז ווילד צעפלאַקערט. איז דאָרט איבער דער ברייטער אומשולדיק-פאַרבלוטיקטער שלאַכט-ערד קראַכן ביקס און האַרמאַט: ס׳ברענט דער בייזער קאַמף צווישן מענטש און מענטש מיט חיהש-ווילדן עקשנות — און דאָ, דורכן קליינעם שטעטל קומען אַלץ אָן פרישע קרעפטן... דאָרט, ביים שונא—דאָס זעלבע. לעבנס דערוואַרטן דאָך טויט-אָנגריף! רייסט זיך די שנאה פון דער צעלאָזענער מענטש-חיה, ווי מיט בערג דינאַמיט אין די הערצער, אוןביידע זייטן ראַנגלען זיך דאָ הינטער דער שטאָט שוין אַ שטיק צייט, און קענען איינער דעם צווייטן נישט גובר זיין: אָט גרייפט מען אָן אויף צוויי-דריי וויאָרסט—מ׳פאַרטרייבט שוין, מ׳זיגט שוין!... און אָט טרעט מען אָפּ—מ׳איז שוין ווידער אויפן זעלבן אָרט!

איז דאָס שטעטל פאַרזונקען אין יסורים. דער אומגליק איז דאָך אָט-דאָ-אָ, כמעט פאַר די אויגן—ווער ווייסט וואָס באַלד קען, חלילה, געשען? אַ קלייניקייט, זייט ביי זייט מיט אַזאַ פייער? און פון פעלד קומען די קלעפּ און ווילדער בר-ר פון

די ווונד-און טויט-וואפן, און פאלן אפט אריין אין שטעטל צו די איינוווינער מיט אזוינע מוראדיקע דונער-קראַכן—אַט-אָט ליגן שוין קופעס הרוגים אין די גאַסן...

אַ פרימאָרגן. שטאָט האָט זיך אויפגעהויבן פון די געלע-גערס, זיך געזוכט צו דערמונטערן, און נישט געקענט זיך ארויס-רייסן פון די זאָרג און נאַכטליידן פאַרן געפאַר, וואָס איז אַ שריט הינטער איר. מ׳איז געשטאַנען מיט שווערע משאות אויף די מוחות. האָבן מענער געהאַט אין זין זייערע רחמנותדיקע פאַמיליעס, געזען זיי ערשט פריער זיך שלעפנדיק אויף טונקעלע, פאַרדרייטע וועגן—און איצט, מיטן אָנקום פון טאָג-ליכט, אָפּגע-שלאָגן קוים די ביינאַכט-אידייע וועגן פאַקעווען זיך. די מאַמעס האָבן זיך געדרייט אַרום די קינדער-בעטלעך, געקוקט מיט בלאַ-סע, פאַרטראַכטע צער-געזיכטער אויף די ליבע, אומשולדיקע גופימלעך, און געזען זיי אויף ווייטע, פרעמדע ערטער, אונטער זייערע ציטעריקע מוטער-הענט, אין אַלערליי שוץ-בילדער. האָט זיך געגאָסן אַ תפילה:

— רבונו-של-עולם, טו מיט מיר אַ חסד: היט אָפּ מיינע קינדער פון אַלדאָס בייז...

דאָ פּלוצלונג האָבן זיך, אינם פרימאָרגן, דערטראָגן פון דרויסן פאַרדעכטיקע קולות. און — אַזוי מאָדנע! מ׳האָט דאָך באַלד דערקענט, אַז דאָס איז נישט קיין שווערע דונערן, אָדער דער שרעקלעכער קאַנאָנען-געטומל, און פונדעסטוועגן איז באַלד דורך דורך די לייבער אַ שוידער. אַז מ׳האָט זיך איינגעהערט טיפער, האָט מען אויפגעכאַפּט די געשרייען פון פייגל: קראַ-קראַ!... קראַ-קראַ-קראַ!... ס׳האָט אַזש געריסן אין די אויערן. די גע-שרייען זענען געוואָרן אַלעמאָל שטאַרקער און אומגעלומפּעטער. מיטאַמאָל האָבן זיי זיך אינגאַנצן איינגעשטילט, ווי אונטער אַ מאַגישער האַנט, און איידער וואָס-ווען — ווידער אויסגעבראָכן אין אַן אויפרעגנדיקן, ווילדן, לוסטיקן קראַ-קראַ.

מ׳איז ארויס אינדרויסן. דער העל-בלויער פרימאָרגן-הימל איז געווען פאַרשטעלט פון אַ גרויסער מחנה שוואַרצע פייגל, וואָס האָבן זיך געשפרייט מיט געוואַלדן אויף אַלע זייטן.

די איינוווינער פונם מלחמה-געגנט האָבן זיך איבערגעקוקט: עפּעס צופיל און צו רוישיק! און אַזוי אומדערוואַרטעט זענען זיי אָנגעפלויגן די פייגל—שוואַרצע פייגל! מ׳איז, זיך איבעררעדנדיק אין טומל, געשטאַנען פאָרנט ביי די טירן מיט אויפגעהויבענע אויגן צו די אַרומפליער, און אַז ס׳איז אַוועק אַ שעה און צוויי און מער, און די פייגל זענען אַלץ נישט אַוועק, האָט מען ציטעריק געשטוינט, ווי פון אַ פלוצלונג אָנגעקומענער, צעשטערנדיקער נאַטור-ערשיינונג, און געמיינט, אַז די ליכט וואָס זיי פאַרטונקלען וועט מען שוין אייביק נישט קענען זען. וואָס זוכן זיי דאָ? ווען וועלן זיי שוין אַוועק?... דער פרייער און טרוקענער קראַ-קראַ האָט זיך טומלנדיק און שרעקנדיק געטראָגן איבער די קעפּ פון די אַרויפקוקער, און געקראָכן אין לייב, ווי פינסטערע בשורות פון גרוילטאַטן און פאַרוויסטונג.

— וואָ׳דען, מ׳האָט דען נישט געוווּסט פריער, אַז עפּעס אַ צרה איז נאָענט?...

נאָכדעם האָבן שוין די פייגל-מחנות זיך באַוויזן יעדן אינדערפרי. איצט האָבן זיי זיך אין גרויסע צאָלן געהאַלטן אַ צייט אין דער לופטן, נאָכדעם זיך גענומען היימיש מאַכן מיט דער שטאָט. אין אַ פרימאָרגן האָבן זיי, ווי ביז איינעם, אַ ווילדן, פאַרטומלנדיקן אויסגעשריי געטאָן, ווי אויף חוזק, און, ווי עפּעס אַ שוואַרצע לופט-אַרמיי אין אַן אַטאַקע, זיך אַ לאָז געטאָן אויף די שטוב-און-קאַמער-דעכער, גאַס-ביימער, אויף אַלע פלויטן און אין די הויפן. אַ סך האָבן אָנגעבראַכט אין די פּיסקעס שטיקער פלייש, נבלה, און אַראָפּקומענדיק זיך אָפּגעשטעלט פרעסן. די איינוווינער האָבן נישט פאַרשטאַנען: ווער איז דאָס פוילע פלייש? זיי האָבן געקוקט צעטומלט, און ציטעריק זיך געקאָרטשעט אין שרעק. וואָס זאָל מען טאָן? האָט מען גענומען פּאָכן מיט די הענט און אָפּטרייבן. זענען די פייגל אַוועקגעפלויגן —און איבערגעלאָזט די מאַסע ביינער און פוילע פלייש-שטיקער אין דער נידער, אונטער די מענטשנס איבערגעשראָקענער אויגן.

גייט דערנאָך דער אָרימער מענטש אַריין אין שטוב, און טראַכט נאָך:

— די פוילע פליישן קענען נישט אָנברענגען עפּעס אַן אומגליק?

און מ׳קוקט זיך איבער פאַרווייטיקטע:

— וואָ׳דען, מ׳קען וויסן?...

אומגעריכט איז דעמאָלט אַריין אין שטאָט אַ קראַנקהייט. ס׳האָבן זיך אַוועקגעלייגט עטלעכע קינדער, אַלע אויף דער זעלבער חולאת. האָט דער עולם תחילת זיך גענומען אויסהיטן, און אַפילו מורא געהאַט צו די פאַרפעסטעטע הייזער צוצוגיין עפּעס נאָכפרעגן. שפּעטער אָבער, אַז אַ מאַמע פון אַ קראַנק קינד האָט זיך באַוויזן אין גאַס מיט פאַריסורימט-איינגעבויגענע פּלייצעס און שוואַכע, פּיבערישע טריט, האָט מען באַלד דער־קענט די געפאַר. מ׳האָט זיך דערוווסט: די קראַנקהייט איז אַ שווערער, אָנשטעקנדיקער פּיבער אַזאַ, וואָס היצט ממש צום דערשטיקן.

די מענטשן האָבן זיך גענומען, אומבאַהאָלפענע, אַרומ־דרייען אין אַנגסטן. האָבן אויסגעפּרוווט עפּעס אַן אַלטע תרופה און ס׳האָט די קינדער נישט געהאָלפן. ווער ווייסט, אפשר וועט היינט—מאָרגן דאָס חולאת פאָרט אַוועקגיין?... און דאָ, אין אַ פּאָר טעג אַרום, נייע פּיבער-פאַלן. דער עולם האָט זיך שוין גאָר צעמישט. האָט מען זיך אַוועקגעשטעלט קעגן דער מיסטע־ריעזער וועלט מיט אויסגעשפּרייטע, נאָכפרעגנדיקע הענט אין אַ מוראדיקער פאַרלעגנהייט:

— איצט אָ פּעלן אַזוינע צרות?... וואָס וועט זיין? ס׳זאָל כאָטש מיין אייגן הויז נישט אָנרירן...

די אורזאַכע פון דער קראַנקהייט האָט דער שטאָט-פעלד־שער אַליין אויך נישט געקענט ענטדעקן. צי ווייס ער טאַקע אַליין אויך נישט, צי האַלט ער עס פאַר זיי בסוד?... די שטאָט האָט נאָכגעקוקט וואָס ס׳טוט זיך, און זיך אַרומגעוואָרפן, ווי אין אַן ערגער, שטיקנדיקער תפיסה. די קינדער איז געוואָרן ערגער: מ׳האָט פון די געטראָפענע שטיבער ביטערע געוויינען אַרויסגע־הערט: און פון צוויי הייזער האָט מען זיך דערוווסט די טרויע־ריקע ביינעס וואָס האָט שוין גאָר דערשלאָגן: „די קינדערלעך

אָטעמען שוין קוים... האַלטן, נעבעך, שוין זייער שמאָל, די שע זאָל נישט זיין..."

די אומרויִקע איינוווינער האָבן פאַרגעסן אַלע נויטן, און נאָר זיך געוואָלט באַהאַלטן פון דער שוואַרצער האַנט. האָט מען אין די שטיבער אָנגעהויבן אָפּהיטן אַלערליי היגיענע-רעגעלן מיט אַ פאַנאַטישער פּאָרזיכטיקייט: מ'האָט אויפגעזאָטן קעסלען הייסע וואַסערן און דורכגעשווענקט ווי-ערגעץ אַ שטיקל וועש: אַ סך האָבן איבערגעקאַלכט פון דרויסן די ווענט און נאָכדעם איבערגעפּירט אינמיטן אַ שוואַרצן פּאַס מיט אַ קויל. מ'האָט געלופטערט און אויסגעקלאַפּט די בעטגעוואַנדן, אויסגערייניקט די פאַרשטופּטע ווינקלען און די שפּייז-ערטער אין די שטיבער, און אַ גאַנצן טאָג געהאַלטן ברייט צעעפנט די פענסטער. וואָס האָט מען נישט געטאָן? ס'האָט, אָבער, די שווערע קראַנקהייט נישט אויפגעהערט. די צעטומלטקייט איז געוואַקסן: „וואָס זאָל מען טאָן? פון די ווייטערע ערטער הערט מען נישט אַזוינס — פון וואַנען פאַרט האָט זיך גענומען די פיבער-קראַנקהייט?..."

און מיטאַמאָל האָט דאָס שטעטל זיך אַ כאַפּ געטאָן:

— די פייגל!...

ס'איז געשטאָרבן אַ קינד.

די איינוווינער האָבן אַראָפּגעלאָזט די אויגן צו דר'ערד, געפילט איבער די קעפּ די שוואַרצע אויסגעשפּרייטע סכנה, וואָס וויל חרוב מאַכן זייערע פאַמיליעס, און מיט געבראָכענע געמיטער זיך אַריינגעלאָזט אין זוכן עצות. אַז די פייגל זענען נאָך אָנגעפלויגן אַהער מיט זייערע ווילדע קולות, ווי אין אַ טויטן מדבר אַריין, האָט מען נאָך דעמאָלט צעשראָקן אויפגעשוידערט: „וויי׳ניק דאָס שלאַכט-פעלד?... וואָס פאַר אַ גערוישן מיט בייזע בשורות איצט-אָ!..." איז טאָמער נאָך געווען אַ שטראָל האָפענונג, האָבן די פאַרשאָלטענע אָנגעבראַכט אַן עפּידעמיע.

— וואָס זאָגט איר אויף אַזוינע צרות?

— יאָ, מ'מוז זען זיי פּטור ווערן.

— ס'רעדט איר, ס'ווערט דאָך וואָס אַ טאָג ערגער!

— אונזערע קינדער זענען אין אַ גרויסער סכנה, ברידער.

— וואָס-זשע הויבט מען אָן צו טאָן?...

דער עולם האָט זיך געערגערט. מיט הילפלאָז-אויסגעשפּרייטע הענט האָט מען זיך אין די שטיבער איבערגערעדט. אינדרויסן האָט מען זיך באַגעגנט מיט שטילע, אומגעוואַגטאַרויסגעזאָגטע גרוסן, און אָנגעקוקט איינער דעם צווייטן רחמנותדיק איינגעטוליעט און מיט אומרויִקע, פאַרצווייפלטע בליקן. יעדער איינער האָט אַ טרייסט, אַ גוט וואָרט געזוכט: איז מען געשטאַנען נעבן יענעם אונטערטעניק, שווייגנדיק, מיטן געדאַנק וועגן דער היים, וועגן שוואַכן, איבערגעשראָקענעם הויזגעזינד וואָס גייט אונטער, און געהאָפט, אַז אָט וועט יענער אַ זאָג טאָן אַ גרויס וואָרט, אַ בשורה אַזאַ — און מ׳איז געראַטעוועט.

שטיל און אומרויִק-טרויעריק איז געוואָרן די שטאָט: „וואָס וועט זיין דער סוף מיט די פייגל און מיט דער מגפה?... אַזאַ אָנשיקעניש!”... און דאָ נאָך זענען די טעג וואַרעמע, און ס׳איז אַ געפאַר אַז די קראַנקהייט זאָל זיך ברייט צעשפּרייטן. האָבן די מענטשן זיך אָנגעפּרעגט איינער ביים צווייטן אין תרופות, קאַמפּס-מיטלען: אַנדערע האָבן געדאַוונט, געפאַסט תעניתים און געבעטן גאָט אויף אַן אָפּפרישנדיקן רעגן און אויף קילע טעג — און די מרה-שחורה האָט נישט אָפּגעלאָזט. העל-בלויע, שפּיגלדיקע הימלען און פרילינג-זון און מונטערע, בליענדיקע טעג מיט ימים שטראַלנדיקע ליכט אָנגעגאָסן — אַלץ איז איין לאַנגע, לאַנגע נאַכט געוועז. אַרבל אין אַרבל האָבן די מענער געשפּרייזט אין די ביינאַכטן אין זייערע הייזער פאַרטראַכט און אין מורא-קעלט געהילט, און געהיט סיי די קראַנקע סיי די געזונטע קינדער. מיטן אָנקום פון טאָג, האָבן זיי אַריינגעקוקט דורך די פענסטער אין דער ליידיקער, בלויער און שטילער לופט פאַרן צו-להכעיס-געערויש, און נאָכדעם געלאָפן אַ צעטראָגענער זיך זען מיט דער גאַס, אונטערן צעלאָזענעם הו-האַ פון דער שוואַרצער בייז-אָנגעלאָפענער קראָען-מחנה.

פאָרנט פאַר דער באַקאַליי-קלייט פון מנשה זילבערמאַן, אויפן ראָג גאַס, איז געשטאַנען אַ רעדל מענטשן, און שטיל זיך איבערגעסודעט: נייעס! נייע קראַנקע דורך דער נאַכט... מ׳איז

געשטאַנען אַ לענגערע צייט פאַרשוויגענע פאַרקלערט אין זאָרג, און פּלוצלונג האָט מען עפּעס אויפגעלעבט און געוואָרן וואַכער: דער אַלטער שלום מאַקאַרעשטער האָט אַרויסגערעדט אַז ער האָט אַ פּאָרטל:

— איר ווייסט וואָס? מ׳דאַרף זיי פּשוט פאַרטרייבן, די אַנשיקענישן...

— וואָס הייסט? האַלטן זיי אין איין טרייבן? — האָט איינער זיך געוואַקלט.

מ׳האָט שוין אָבער געקענט דערקענען אין דעם, ווי די באַלעבאַטים זײַנען שטיין געבליבן דערשטוינטע, איבערראַשט פון דער אידייע, אין זייער אויפגעמונטערטקייט און אין זייערע אויפגעפלאַמטע בליקן, אַז ס׳טרעט־צו די עקשנותדיקע אַמביציע. יעדער איינער האָט זיך מיטאַמאָל דערפילט שטאַרק און פעסט, און אַ טראַכט געטאָן ווי אַזוי ער וועט די נייע אידייע דורכפירן. יאָ, איצט וועט קומען די ישועה!... מ׳האָט אויפגעקאָכט מיט אומגעדולד:

— אַוודאַי אַזוי... נאָר פאַרטרייבן!

— וואָדען? אַז זיי זעען מ׳טוט גאָרנישט, זאָלן זיי זיך נישט האַלטן דאָ?

— אַ פויגל איז בטבע אַן איבערגעשראָקענער... וואַרפט אים נאָר נאָך אַ שטיינדל—פאַרשווונדעט ער...

— און מ׳איז דאָך אַ גאַנצע שטאָט מיט מענטשן!

-- מ׳וועט זיי פאַרטרייבן איין מאָל, צוויי מאָל — וועלן זיי מיד ווערן!

— די בעסטע עצה...

די קראַנקהייט האָט זיך צעשפּרייט מיט אַ גרויזאַמען כּוח, און מיט אַלץ מער שאָדן: „וואָס זאָגט איר, יידן? ביי יאַנקל קירזשנער איז איינגעפאַלן דאָס קליינע יינגעלע, און נישט געוואָרן פונקט אויפן דריטן טאָג...‟ „און ביי לייבל זאַגאַטאָוויטשיק איז שוין ווידער געשטאָרבן אַ קינד!‟... האָט פון שרעק פאַרן שטיקנדיקן פיבער אַפילו די געזונטע שוין אויסגעפּעלט אָטעם. מ׳האָט זיך געשטיקט און געהיט פאַר דער לופט, ווי זי

וואָלט איינגאַנצן פאַרעיפּוּשט געוואָרן. מ׳האָט געשפּיגן אין די גאַסן אָן אויפהער, אין די בלאָטיק-אומריינע הינטערגעסלעך זיך צוגעהאַלטן די נעזער, פאַרבייגעשפּאַנט די הייזער פון די קראַנקע מיט קרום-צוגעשלאָסענע מיילער, און ס׳האָט זיך געדאַכט דעם שוואַכן מענטש-קינד, אַז ס׳איז שוין קיין פריש ביסל לופט אויף דער גרויסער ערד נישט געבליבן. די שרעק האָט אַרויסגעוויינט צו אַלע הימלען:

— אָ, גאָט פון רחמים...

איצט האָט מען זיך אַ לאָז געטאָן צו פאַרטרייבן די פייגל.

גאַנץ פרי, געפילט אַז די שווערע כמאַרע וועט זיך באַלד אָנרוקן און אַרונטערלאָזן, איז מען שוין געשטאַנען גרייט אין די הויפן. ס׳האָבן זיך באַוויזן די קראָען. זיי זענען אָנגעפלויגן מיט בייזע, פאַרטומלענדיקע געשרייען, זיך צעשפּרייט איבערן שטעטל, און פריילעך זיך אַרומגעוואָרפן אין לופט-מאַנעוורעס איינער איבער און אַרום דעם אַנדערן. כאַפּטעסווייז האָט מען נאָכגעיאָגט מיט נייגיר, און זיך אַרומגעריסן מיט געוואַלדן אַרום יענע פייגל-חברים, וואָס האָבן מיטגעטראָגן פעלד-נבלה אין מויל. זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט נידעריקער, עטוואָס איינגע־שטילט, און זיך צעשפּרייט איבער דיביימער, דעכער און פּלויטן.

דאָ האָבן די מענטשן זיי אַ טרייב געטאָן מיט רעש: „קוש-קוש!”... די פייגל האָבן אויפגעפּלאַטערט, זיך אויפגעהויבן אינ-דערלופטן, און די אויפגעפינקלטע פּאָספאָר-אויגן האָבן ווילד און פיינטלעך זיך אַרומגעוואָרפן אַהין-אַהער און נאָכגעפאָרשט: „די אָנגרייפער וואַרטן פון אונטן — וואָס זאָלן מיר טאָן?”... האָבן זיי זיך נאָך אַביסל געהאַלטן אינדערלופטן, נאָכדעם, איינער נאָכן צווייטן און פאָרזיכטיק, זיך פאַרקליבן אויף די שפּיצן ביימער און זיך איינגעאָרדנט.

ווי אַזוי-זשע האָבן די מענטשן עס געקענט צוקוקן? מ׳זאָל לאָזן די קללה אין שטאָט זיך נאָך מער צעשפּרייטן? און די מגפה-אָנברענגער מיט זייערע שטינקענדיקע פליישן האָבן זיך

דאָך אָוועקגעזעצט פונקט אַנטקעגן די אויגן!... און מ׳דערקענט דען נישט אין זייערע אָנגעצונדענע אייגלעך, ווי זיי שפּירן נאָך פון אויבן, דעם מלחמה-צו-להכעיס וואָס ברענט אין זיי? מ׳מוז זיי פאַרטרייבן, וואָס פריער! אַ טריט צוריק, פאַרגנבענען זיי זיך שוין ווידער הינטער די פּלייצעס מיט די שטיקער אומריינ־קייט, ווי שוואַרצע, צו-להכעיסדיקע מחבלים — און וועלן זיך שוין צופיל צוגעווינען צו זייערע ערטער...

די איבערגעשראָקענע האָבן זיך אָנגעהויבן אַרומצעוואַרפן פון אָרט צו אָרט אויף די שפּיצן פיס, און פּאָכען און קלאַפּן מיט אויסגעצויגענע הענט און לאַנגע שטעקנס אינדערלופטן: „קוש! קוש-קוש! אַוועק פון דאַנען!״... מ׳האָט געקלאַפּט מיט די שטעקנס אָן די שפּיצן פּלויטן, אָן די ביימער און אָן די הילצערנע ברעטער-ווענט פון די קאַמערן, און די געוואַלדן זע־נען געוואָרן וואָס אַמאָל העכער, שוידערלעכער און דראָענדי־קער. איצט מוזן זיי אַוועק, די שעדיקער!... די מלחמה האָט זיך צעפּלאַמט. מיטן טומל האָט זיך פאַרשטאַרקט אי די ווילדע מורא אי דער עקשנות, און באַלד האָבן זיך אַלע אָנגרייפּער, דאָ מיט די קעפּ טיף געבויגן, ווי מיט האַלבע קערפּערס אַרומ־שפּאַנענדיק, דאָ אויפשפּרינגענדיק אויף די שפּיצן פיס, זיך אַרומגערוקט איבער די הויפן און פאַר די הייזער, אויפגעזוכט ערד, און שטיקלעך האָלץ און שטיינער און מיט כעס אַרויפגע־שליידערט צו די פייגל.

מ׳זאָל זאָגן, אַז רי ראָבן האָבן זיך נישט דערשראָקן? — יאָ, זענען זיך צעפלויגן — פון דער הויך, אָבער, האָבן זיי ווידער געלויערט. די מחנות האָבן צום שטעטל זיך שוין פּשוט צוגעווינט—וואָס-זשע הייסט זאָלן ערשט איצט ווידער גיין זוכן ניי לאַנד? דערצו — אַזויפיל געדיכטע ביימער אין שטעטל! האָבן זיי געפּרוווט אַראָפּקומען נידעריקער — איז אַ מאַסע שטיינער אַקעגנגעקומען: משונהדיקע, וואָרנענדיקע קולות האָבן זיך אַרויפגעריסן אין דער לופט, און זיי איבערגעשראָקן און צע־מישט. זענען די אַנטלאָפענע אַרויפגעפלויגן העכער און געריק אַראָפּגעקוקט:

— מיר קענען דאָך פון דאַנען נישט אַוועק... מיר האָבן דאָ נישט קיין וואַלד אַרום... און דאָ ביי אייך איז פאַראַן אַן אָנגעבלעטערטער בוים אַ ליבער, אַ פּלויט און אַ דאַך און אַ קוימען... און ס׳איז נאָענט צום זאַטן שלאַכט-פעלד !...

נייע טעג זענען אָנגעקומען געפילט מיט צער און ווײ. אַ מלחמה אויף לעבן און טויט האָט געפירט די שטאָט. פאַרנאַכט, ווען די פייגל זענען אַוועק צו די פעלדער, האָט מען צונויפגעשאַרט די מיסטן, געריייניקט מיט די בעזימער און לאָפּעטעס די אַראָפּגעפאַלענע אומרייינע פליישן און ביינער, און באַגראָבן ערגעץ אין באַהאַלטענע לעכער. און אינדערפרי האָט זיך אָנגעהויבן דער קריג צווישן מענטש און פויגל. איצט איז מען געווען פאַרקלאָגט און פאַרביטערט: „ווען וועלן זיי שוין אַמאָל אַוועק, די רוחות? די געשטאַנקען וועלן, חלילה, אַלע אונזערע קינדער אויסשטיקן — רבונו של עולם״... זענען צענדליקער פון די איינוווינער מיט כּעס אַרויף אויף די דעכער, געקלעטערט אויף די פּלויטן און אַ טייל זענען אויף די ביימער אַרויפגעקראָכן. פון דאַנען האָט מען אַרויפגעשריען צו די אָנגעלאָפענע פליער, וואָס האָבן געזוכט אַן אָפּרו-פּלאַץ, דאָ מיט האַס און רציחה, דאָ מיט קלאָג און תּחנונים, און אַלעמאָל אַ וואָרף געטאָן צו די שונאים אין דער לופט, וואָס ס׳איז נאָר געקומען צו דער האַנט. „וואָס טוט מען? דאָ דערביי, הינטערן רוקן איז דאָך אַ שרעקלעכע יללה: ס׳שלאָגט די מאַכט פון עפּידעמיע מיט אַ צעלאָזענער, גרויזאַמער שנאה — און לאָזט נישט אָפּ... געוואַלד, מ׳דאַרף ראַטעווען וואָס שנעלער!״... זענען די דרויסנדיקע פייגל-טרייבער שוין פּשוט ווי צעמישט געוואָרן. ס׳האָט אויסגעזען ווי די שטאָט איז באַפאַלן געוואָרן פון עפּעס אַ מאַסע ווילדע וואַלד-מענטשן, וואָס קלעטערן און שפּרינגען ווי די מאַלפּעס, פּאַטשן צעווילדעוועט מיט די הענט, שרייען און רוישן, און לאָזן זיך ווילגיין אויף די ביימער און פּלויטן אויף אַן אומגעלומפּערטן, אומזיניקן אופן. ס׳איז שוין שווער געווען זיך צו באַרויקן. איין זאַך נאָר: די בייזע עפּידעמיע וועט זיכער נישט אַוועק, כּל-זמן ס׳וועט זיך פילן דער ריח פון די שטינ-

קענדיקע פגרים-פליישן, און די פייגל וועלן קומען אין שטאָט אריין...

— אַזאַ אָנשיקעניש...

— אַ שטן המשחית, גאָט באַהיט.

— ווי אַזוי-זשע ראַטעווען מען זיך?

— שאַט-נאָר, אפשר, שיסן?

— האַ?... האָסט גאָר פאַרגעסן, אַז ס'איז מלחמה-צו-שטאַנד?...

איבער דער גאַנצער שטאָט אין די הויכן האָבן זיך באַוויזן טשוטשולעס. זיי זענען געשטאַנען, די סטראַשידלעס, אויף די דעכער, מיט גולמדיקע, שמאָטענע פּנימער אַרויפגעקוקט צום הימל, מיט די הענט אויפגעהויבן און געוואָרנט: „נישט צו-טרעטן אַהער, מזיקים!...״ די מענטשן האָבן זיך אַזוי געוואָלט באַשיצן פאַר אַ ביינאַכט-איבערפאַל — און גאָר פאַרגעסן: די פייגל קומען דאָך נישט ביינאַכט... אַך, די מורא!... און אין די שטי-בער שלאָפט מען נישט: אַ מאַסע עלטערן שפּאַנען אַרום פאַר-צער'ט-איינגעבויגענע איבער די צימערן, דרייען זיך אַרום די בלאַסע, אָפּגעצערטע פּנימלעך אין די בעטן, צאַפּלען זיך און וויינען, און ברעכן די הענט:

— ביז ווען, פאָטער אין הימל... ביז ווען? — — —

און נאָכדעם שטופּט מען זיך צונויף פּנים צו פּנים:

— מענטשן, מיין קינד גייט מיר אויס אונטער די הענט... וואָס טוט מען?...

— ס'נעמט דאָך פון דער מגפה קיין סוף נישט. מ'מוז עפּעס טאָן!

— מ'דאַרף נישט מיד ווערן... מ'דאַרף זיי נאָכלויפן און פאַרטרייבן, איר פאַרשטייט?...

און דאָ איז שוין אין שטעטל אַזאַ שרעק און צעטומלט-קייט, אַז כאָטש דאָס קנאַלן פון שלאַכט-פעלד האָט זיך שוין גע-הערט אַביסל נעענטער, האָט מען זיך עפּעס אויף דעם נישט אָפּגעשטעלט.

און גלייך מיטן באַגינען-אויפקום האָבן זיך די איינוווינער אויפגערירט, און געוואַרט מיט ציטעריקן אומגעדולד:

— איצט! איצט איז דער לעצטער קאַמף! — — —

די פייגל זענען אָן מיטן זעלבן פאַרשאָלטענעם, טרוקענעם קראַ-קראַ-געטומל ווי אַלעמאָל. האָבן זיך אָנגעיאָגט אין גאַנצע מחנות מיט שטיקער פוילע קערפּער-מציאות פון טויטע מענטשן און פערד אין זייערע פּיסקעס. עפּעס היינט זענען זיי, דאַכט זיך, נאָך מער ווי אַלעמאָל!... און וויפיל נבלה זיי האָבן אָנגעבראַכט!... זיי האָבן אויסגעמיטן די דעכער מיט די סטראַשידלעס, און זיך צעשפּרייט איבער די ביימער און אויף דער ערד. די אונטערשטע האָבן תּחילת זיך אויפגעטרייסלט, ווי אַלעמאָל. ווי פאַר אַ האָגל פון שטיינער, אַזוי האָט מען זיך אונטן איינגעבויגן שוואַך און נידעריק:

— מ'איז פאַרלוירן...

און פון דער לופטן האָבן אָנגעהויבן אַראָפּפאַלן ווײַלעווײַז שטיקער פלייש.

אָבער דאָ האָבן זיך איייניקע מיטאַמאָל אַרויסגעריסן פונם דערשלאָגנקייט: „אויף וואָס נאָך וואַרט מען, אויף וואָס? די צרות זענען דאָך שוין נישט צום איבערטראָגן! ווייניק געליטן? מ'מוז דאָך אַמאָל מאַכן אַ סוף!...” האָבן זיי אויפגעקאָכטע און פול מיט צאָרן, זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אַלע זייטן, אויפגעקליבן שטיינער, ביינער, וואָס מ'האָט נאָר געקענט געפינען אָדער אויפגראָבן, און אָנגערוקט פולע קעשענעס. מ'איז אַרויס פון די הויפן, און אָנגעהויבן נאָכיאָגן די פייגל:

— ס'איז נישט שווער! ס'איז גאָרנישט! היינטער דער שטאָט, מ'עט זיך נאָר קענען פרייער באַוועגן—פאַרטרייבט מען זיי!...

נאָך די עטלעכע אי פאַרצירטע, אי צאָרנדיק-צערייצטע מענטשן, מיט די נשמות פון פליג און ריז אין זיך, און מיט קראַנק-איינגעטרוקנטע קינדער-גופימלעך אין די געדאַנקען, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן נאָך אייניקע: „ווידערשטאַנד! אַ ווידערשטאַנד ביזן זיג!...” האָט מען אַלץ איבערגעלאָזט אויף הפקר, ווי פאַר-

געסן, און מיט פאַרביטערטע ווײ־געשרייען, האָט מען גענומען פאַרטרייבן די פייגל און ראַטעווען די שטאָט. אָט האָט מען געטראָפן איין פויגל מיט אַ שטיין אין די פליגלען, אַ צווייטן, אַ דריטן געטראָפן, און צענדליקער זענען זיך צעלאָפן אין שרעק. „יאָ, מ'קען זיי אָנלערנען!" און ערשט דעמאָלט האָט מען זיך געלאָזט נאָך זיי, ווי פאַררוקטע. מיט געפילן פון ווילדן צאָרן און ליכטיקער האָפענונג האָט מען זיך געדרייט אין די גאַסן, אין די קליינע, קרומע הינטערגעסלעך, געשריען און געוואַלדעוועט און זיך נישט אָנקוקנדיק אַפילו איינער דעם צווייטן גע־מונטערט און געטריבן ווייטער—און אַז מ'איז אַרויס אויפן פעלד האָט מען זיך דערפילט פריי, און דער פאַרשאָלטענער מאַרשרוט האָט זיך ערשט אָנגעהויבן מיט פרישן קאַמף־עקשנות.

אַ דרייסיק זענען זיי געווען. זיי האָבן זיך אַ לאָז געטאָן ווייטער מיט די כוחות פון די ריזן מיטן אייביקן פייער אין זיך: „זיי מוזן באַפרייען די שטאָט!..." האָט מען זיך אַוועקגע־צויגן נאָך די פייגל אין דער ווייט מיט יענעם ווידערשטאַנד־עקשנות פונם צעשראָקענעם, וואָס אַפילו דער גבור פאַרמאָגט נישט, נאָכגעוואָרפן שטיינער און געגלאָצט מיט די אויגן אויף דער אויבערשטער שוואַרצער מאַסע מיט נקמה — און נישט באַ־מערקט אפילו די מחנות פייגל, וואָס בלייבן הינטער זיי און פליען צוריק. מ'האָט נאָר נאָכגעקוקט מיט נחת:

— אָ־אָ!... אָ־אָ!... זיי צעשפרייטן זיך מיט שרעק, די שעדיקער! זיי פאַרשווינדן!...

און מ'האָט געוואָלט פאַרטרייבן ביז איינעם.

פלוצלונג—ס'הערן זיך עפּעס משונהדיקע קולות פון ווייטן, און קומען אַלץ נעענטער... איז מען, אָבער, אַזוי פאַרטאָן, מ'קען נישט, מ'וויל נישט הערן... און מיט יעדער רגע ווערן די קולות שטאַרקער, שרעקלעכער, שלאָגן אין מוח אַריין ביז קאָפּ־פאַר־דרייעניש: ס בליצן פייערן און שווערע דונערן קראַכן־אויף — און אַלעס קומט אָן גלייך אַנטקייגן פנים...

— אָ, אַפנים, פון אַנדערע זייטן טרייבט מען זיי שוין אויך, די פאַרשאָלטענע פייגל.

אָט זעען זיך שוין די נאָכיאָגער פון נישט ווייט. וואָס־זשע איז דאָס? — עפּעס אַזאַ משוגענער מיש־מאַש... אַן אויפגערעגנדיק, אומגעלומפּערט־צעטומלט לויפעניש אויף אַלע זייטן...
און וואָס איז דאָס אומרחמנותדיקע שיסעריי קעגן די אויגן?...
ווו זענען זיי?... אָ, וואַרט נאָר! וואָס פליט איר אַזוי גלייך!...
וואָס וואַרפט איר אום און פּלאָנטערט זיך אַריין מיט אַזאַ כעס אין צעווייטיקטן לייב!... העי, וואָס טרעט מען און מ'דריקט אַזוי!... ווו איז מען? — — —

---

די סאָלדאַטן אויפן שלאַכט־פעלד האָבן אָפּגעטראָטן, זיך גערוקט אין צערודערטקייט נעענטער צום שטעטל. זענען געפאַלן איבערן איבערגעלאָפענעם שטח אין אַ מאַסע פאַרוווּנדעטע און פאַרהלשטע. באַגעגנט די ציווילע לויפער אין פעלד, האָט מען תחילת, פונם בילד פון מענטשן מיט וואַרפנדיקע הענט צום הימל, נישט געוווּסט, וואָס מ'זעט. נאָכדעם, אָבער, נעענטער, האָט מען נישט ווילנדיק זיך צענויפגעפּלאָנטערט, זיך אויסגעמישט מיט זיי ווי מיט אייגענע אומגליקלעכע ברידער אין איין בלוטיקער שלאַכט, און זיי איבערגעלאָזט געפאַלענע אין פרייען פעלד באַזיגט פון די פייגל...